# די יודישע פאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל

## פיר ליטעראטור און וויסענשאפט.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

חשון תרס"ג. II. באנד. פיערטעס העפט. OCTOBER 1902.

### אבאנאמענטס־פרייז

**פיר עסטרייך־אונגארן:**

יעהרליך . . . . —.10 קראָנען
האלביעהרליך . . . —.5 „
פיערטיליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלט העפט 80 העללער.

פרייז פאר די יעהרליכע אבאָנענטען פון דער ציטונג „דער יוד“: נור — 3½ קראָנען (מיט פּאָרטאָ) (3 מארק, 3 שיללינג, 4 פראנק).

**דער פרייז פיר רוסלאנד:**

גאנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל
האלביעהרליך . . . . 2 „
פיערטיליעהרליך . . . 1 „

פאר די יעהרליכע אבאָנענטען פון דער ציטונג „דער יוד“: נור 1 רובל (מיט פּאָרטאָ 1.50).

פרייז פיר יעדעס העפט — 40 ק.

**פרייז פון מודעות:**

1 זייטע 20 רובל, ½ זייטע 12 ר.
¼ זייטע 6 רובל, ⅛ זייטע 3 ר.

אדרעסע:

Administration „Die Jüdische Familie, Krakau, Gertrudy 16.

פיר רוסלאנד:

Изд. Ахiасафъ, Варшава.

### אינהאלט:



קראקא

דרוק פאָן יוסף פישער (גראָדזקאַ 62).

# אחיאסף

## מאסף ספרותי עם תמונות וציורים

ונלוה אליו לוח השנה, כרוניקה, ביבליוגרפיא וידיעות שמושיות

## לשנת תרס"ג

### ערוך ע"י ר. בריינין.

**בשנה זו נמלאו עשר שנים למיום הוסד „אחיאסף", על כן הוציאה החברה לשנת תרס"ג לוח־יובל לזכרון.**

וזה תוכן מאמריו :

1) דבר אל הקורא. העורך.
2) רעיונות ע"ד יסוד סנהדרין, ר. בריינין.
3) אחר עשר שנים. אחד העם.
4) מאיר אהרן גולדשמידט, גיאורג ברנדס.
5) מתוך עב הענן, שיר, ש. טשרניחובסקי.
6) רשימות וזכרונות (מן הקונגרס הראשון), א. לודוויפול.
7) עם דמדומי חמה, שיר, ח. נ. ביאליק.
8) חמשה עשר באב בארץ ישראל, ספור, זאב יעב"ץ.
9) גלות שלמה, ציור היסטורי, דר. ש. ברנפלד.
10) ליל סתו, פ. היילפרין.
11) התורה והעבודה, דר. ח. ד. הורוויץ.
12) כונות ויחודים, מעין שירים בפרוזה, הלל צייטלין.
13) אגדת האדמונים אגדת וירא. מענ־דעלי מו"ם.
14) שושני סתו, שיר, פיכמאן.
15) מחשבות והלומות, ציור, ר. בריינין.
16) מהות היהדות, דר. י. מהאן.
17) שך המלך, ספור, ר. א. ברוידעס.
18) לא באה, ציור, מ. וואולף.
19) רשימות קטועות, י. רדלר.
20) היהדות בתור דת ומדע, דר. ד. ניימרק.
21) לעת זקנה, תמונה, גנצר.
22) דור הולך, שיר, יהל"ל.
23) שאלת הגיתו, דר. מ. מאנדעלשטאם.
24) המשכיל מדור הישן, רשימה, א. רייזען.
25) רצפה בת איה, שיר, י. ל. ברזכוביץ.
26) מה יהיה ? ציור, בן־אבי.
27) מלחמת שפתים, א. שולמאן.
28) בפעם הראשונה, ציור מחיי החדר. דר. י. ש. רנצר.
29) גשי הלאה ולכי לך ! שיר. נח פינס.
30) עלילות דם, דר. מכס גארדוי.
31) נער־זקן, ציור, ד. י. זילבערבוש.
32) בחדר המשורר, שיר, מ. מ. הורוויץ.
33) הסנהדרין הגדולה, דר. אלפרד נאססיג
34) המפרש, ליזובניק.
35) השתחררות הרוח האנושי, דר. יוסף קלויזנר.
36) העם, דר. שמריהו הלוי.
37) התאומים, דר. מ. אייזענשטאדט.
38) דפים בודדים מספר זכרונות, י. ליאן.
39) אבות ההשכלה בליטא וגליציא. מ. ל. ליליענבלום.
40) בארץ המתים, א. יעקבוביץ.
41) לפנות בקר, שיר, ש. ל. גורדון.
42) שפת הגלות, מרדכי בן הלל הכהן.
43) שירת הרעם, ל. י. יפה.
44) מי ילך לפנינו, מ. קליינמאן.
45) חיים שטונתל, זכרונות, דר. גוסטב קארפעלעס.
46) הפרקציא העממית, ל. מוצקין.
47) פרחי שדי (שיר), א"ל כהן.

# אַ טָעות.

ע ר צ ע ה ל ו נ ג.

---

(ענדע).

שמואל פּאָלקאָווניק האט געלעגט אין אויג אויף דאס פּאריל אַרבייטער — אויף הירשלען מיט בערקען. גלייך ווי זיי זענען אַריינגעטרעטען צו איהם האבען זיי איהם אָנגעהויבען צו געפעלען מיט זייער שטילקייט און געלאַסענקייט. וואס ווייטער זענען זיי איהם אַלץ מעהר געפעלען געווען. נישטא אין זיי דער שניידערשער עזות — אומעטום צו וואַרפען זיך אין די אויגען אריין, צי לאָזען זיך הערען, און צו פעדֿ פיהרען געשעפטען אויף די שפּאַצירען... ער האט ראשית געהאַט דערפון א מזומנ׳עס פעדיענסט: וועניגער גערעדט, איז מעהר געאַרבעט; צווייטענס, געווינען זיך מענשען א סך מאָל מיט זייער שווייגען אַליין פיעל הערצער מיט אַכטונג. זיי גיבען יענעם פלאַטץ, מע זאָל זיי צושרייבען אַזוינס, וואס איז ניט געשטויגען און געפלויגען: ער שווייגט — איז עס מן הסתם ניט קיין פוסטער קאָפּ. ווער ווייסט, וואס ער טראַכט. ווער ווייסט אַלע סודות פון זיין לעבען. די פאַנטאַזיע פון א „בשר־ודם“ קאן תמיד בעשאַפען שענערס און בעסערס, ווי גאָט ברוך־הוא האט אָנגעוואָרפען אויף זיין וועלטיל; און עס געהט דיר באַלד אַרויס פון דיין „שווייגער“ א „העלד“ וואס ליידט פאַר די גאַנצע וועלט... וואס האט אַבגעטהון עפּיס גרויס און הויכס... און דו בעד קומסט דרך־ארץ פאַר זיין שווייגען, פאַר׳ן „סוד“. אויף וועלכען דו שטויסט זיך אָן אין איהם.

נאָר נאָך מעהר ווי אַלעס איז איהם געפעלען, וואס זיי האַלטען זיך אָבגעטהיילט פון יענע אַלע שניידער־יונגען: „גלייך זיי זיצען ניט ביי איין טיש!“

„ניין, פלעגט ער זיך טראַכטען: דאס איז ניט מיט זיי פון איין שטיק געד שניטען. דאס וועלען ניט בלייבען קיין שניידערס. דאס וועט זיך אַרויסרייסען דערפון, ס׳וועט אריין אין מענשען!“

אַלע זיינע יאָהרען רייסט זיך שמואל דערצו אריין צווישען מענשען, אין ס׳איז איהם נאָך אַלץ ניט געלונגען; געפּרופט שוין מאַכען זיך א צד צווישען זיין חברהד שניידערס און צו הערען „סטאַראָסטע“; געוואָרען שוין אַמאל פאַקטאָר ביי די פּריצים.

פאַר וועלכע ער פלעגט נייהען; געהאַפּט אַמאל א שען פּערדיענסטיל ביים זשעראַב...
נאָר עס געהט ניט! ער האט אלע מאָל געמוזט זיך צוריק נעהמען צו דער נאָדעל.

דאָס דאָזיגע פאַריל אבער, זעהט ער אויף געווים, איז נור אויף דער ווייל שניידעריונגען; זיי וועלען אריין אין לעבען, זיי וועלען זיך אַרויס־רייסען.

און ער האט געוואָרפען איין אויג אויף זיין סאסי׳ן: וואַקסט קיין עין־הרע — א רויז! שוין צייט עפּיס צו טהון מיט איהר. נדן ברוך־השם איז דא שוין אַוועקגעלעגט; התונה הוצאות געפינט זיך אויך... שלאָגען זיך אָבער נור שדוכים, וואָס שטעהען איהם ניט צו צום האַרץ — רק פון שניידערס. ער וואָלט געוואָלט עפּיס א סוחר׳ל, א וועלט־מענש; נאָר דאס האַלט מען א פנים ניט פון שניידערס וועגען...

איהם איז געקומען אויפ׳ן געדאַנק, אויסקלויבען זיך איינעם פון די צוויי, אַרבייטער זענען זיי ביידע גוטע; הירשעל איז אפילו א בעסערער אַרבייטער; די גאַנצע אַרבייט זיינע איז איין אַנדערע; דער פּאַדעם אַליין, דאַכט זיך, בלייבט ביי איהם שטעהען פונקט דאָרט, וואו ער דאַרף בלייבען: ניט איינגעצויגען, ניט נאָכגעלאָזט — נאָר איז דען דער עיקר — די אַרבייט? ער ווייסט, אז דער קלענסטער פון זיינע אַרבייטערס קאן בעסער פון איהם די אַרבייט. פון דעסטוועגען איז ער „בעל־הבית", און זיי זענען „אַרבייטער", זיי האַלטען די „שפּיז", און ער עסט דאס „געבראָטענס". „ניין, דער עיקר איז שכל אין קאָפּ! פערמאָגסטו דאס ביסיל וויכע מאַטעריאַל אין קאָפּ, וועט יענער פאַר דיר אַרבייטען"; און שכל האט ער געפונען ביי בערקען מעהר.

נאָר פאַר שמואל באַלקאַזניק איז נאָך דאָס אויך ניט געווען דער גאַנצע עיקר; ס׳איז נאָך דא איינס, וואָס שטעהט העכער פון „שכל אין קאָפּ", דאס איז „יחוס".

און ער האט זיך שטילערהייט אַזוי נאָכגעפרעגט, אויסגעפאָרשט, ביז ער איז געוואָהר געוואָרען, אַז בערקע איז ניט פון געבאָרענע שניידערס; געהאַט א טאַטען איין עושר, און דערצו איין פיינעם יודען: דאס האט איהם אין גאַנצען איבערגעבויגען אין בערקעס זייט אַריין.

ער פלעגט זיך פיהרען, אז קיין שום זאך פלעגט ניט געטהון ווערען, ביז ער האט פריהער ניט איבערגערעדט מיט׳ן ווייב. נאָר „פרומע" — זיין ווייב — האט אָבער אויך געוואוסט, אז דאָס ראָט ער זיך נור דערפאַר, ווייל ער איז ניט קיין שלעכטער מאַן ווי אַנדערע מאַנסבילען זענען: זיי טהוען, וואָס זיי ווילען אָהן דער ווייבס דעה... גלייך דאס ווייב איז א דיענסט... אין אמת׳ן אָבער, „ראָטען" איז — „ראָטען", און בלייבען — בלייבט עס תמיד אויף זיינעס. מיט גוטען אָדער מיט בייזען בייגט ער זי תמיד איבער אין זיין זייט אריין; אין די ערשטע צייטען, אז זי האט דאָס בעמערקט, פלעגט זי קיין דעה ניט וועלען זאָגען; „טהו. ווי דו ווילסט, האט זי איהם אַמאָל געענפערט. און לאָמיך צו רוה!" נאָר דעמאָלס האָט ער זיך שטאַרק אָבגעריסען אויף איהר: „וואָס הייסט—טהו וואס דו ווילסט? וואָס־זשע, איז משמע, דיך געהט עס גאָר ניט אָן? ביסט א פרעמדע? צי, איז משמע, איך בין א מאַן איין אכזר, דאס ווייב דאַרף ביי מיר קיין דעה ניט זאָגען?"

זי האט זיך אויסגעלערנט, אז פון אָרט דאַרף זי אָבווענדען, דרינגען פונקט דעם הפך; נעמט ער זיך שפּאַרען, דאַרף זי זיך, ניט מיט אַמאָל, נאָר ביסיליכווייז נאָכ־

געבען, נאָכגעבען, ביז שמואל קריגט אַרויס איין הסכמה בײ איהר אויף זײן פּלאַן.

פּונקט אַזוי איז אַצונד אויך צוגעגאַנגען; ער האָט איהר דערצעהלט זײן פּלאַן מיט סאָסי'ן; זי האָט געדרונגען: װער װײסט, צי װעט ער איהר געפעלען... ער איז א גרײליכער... האָט ער איהר אָבגעװענדעט: ראשית, איז אונזער סאָסקי ניט אַזא קינד: א „בעל דרך־אֶרץ", געהט ניט אַרויס פון מײנע רעד; און איז בכלל נאָך יונג צו מישען זיך אין אַזעלכע זאַכען... שנית, איז׳ס דאָך א „מאַנסביל"; א מאַנסביל דאַרף ניט זײן דיקא א שענער. מאַנסבילען זענען ניט אויף אָנצוקוקען געשטעלט".

האָט זי געװאָרפען א מרה־שחורה אקעגען דער משפחה.

האָט ער איהר דערצעהלט, אז ער האָט זיך שוין „חוקר ודורש" געװען, און די משפחה איז פון סאַמע „ציצית".

איז זי געפאַלען אין א מרה־שחורה: „אפשר װעט ער ניט װעלען?"

„װאָס זשע? — האָט ער זי אויסגעלאַכט — איך בין שוין טאַקי גאָר א פּראָסט שטיק געװאַנט?!"

„טאַ, — זאָגט זי, — אפשר ביסט דו טאַקי גערעכט; אפשר איז דאָס טאַקי איהר זיװג!"

שמואל האָט בעקומען איהר הסכמה, און האָט זיך גענומען װאַרטען אויף א צופאַל, ער זאָל מיט „איהם" אַלײן א שמועס טהון. ער האָט געװאָלט אויסאַרבײטען גאָר אָהן א שדכן.

סאָסי האָט אָבער, גאָר אַנדערש געטראַכט. א שטיל קינד איז זי טאַקי געװען, נאָר שטילע קינדער האָבען אויך אויגען, און װײסען אײן אונטערשיעד פון שען ביז מיאוס—גלײך מיט רעדעװדינגע; און טראַכטען—טראַכטען זײ אָפּט מעהר װי די רעדע־דיגע... זי איז קײנמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען פון טאַטענס רײד דאָרט, װאו די זאַך האָט איהר ניט אַזוי נאָהענט אָנגעריהרט; דאָ אָבער האָט זי זיך גאָר ניט געװאָלט רע־בענען מיט דעם, װאָס דעם טאַטען געפעלט יא אָדער ניט; הירשעל איז איהר גע־פעלען פון דעם ערשטען טאָג, װאָס ער איז אַרײנגעקומען צו זײ אין שטוב אַרײן, זי האָט דעמאָלס גאָר ניט געטראַכט אפילו װעגען א התן; ער איז איהר גלאַט אַזוי גע־פעלען... נאָכדעם אז הירשעל איז הײמישער געװאָרען און האָט זיך שוין ניט גע־שעמט אויפצוהױבען די אויגען, האָט זי דערזעהען, אַז ער האָט אויגען װי צװײ מאַג־נעטען... נאָכדעם, אז הירשעל האָט אַמאָל א זינג געטהון, האָט זי דערפיהלט, אַז מע קאָן צושמאָלצען װערען אונטער זײן זינגען... אז דאָס קול זײנס גיסט זיך אין די אויערען אַרײן, און פון די אויערען – אין האַרץ אַרײן, און דאָרט װערט עפּי׳ס א קאָכעניש... זינגען מיט׳ן מויל זינגט ער טאַקי — קרײן מחמד, „אודך" אָדער „די בלינדע יתומה", צי „שפּאַציערען זענען מיר געגאַנגען"... נאָר אז עס קומט אַראָב אין האַרץ אַרײן, בעקומט עס גאָר אײן אַנדער בעדײטונג... עס הערען זיך גאָר עפּיס פון מײדלישע הלומות... פון דעם, װאָס ס׳טראַכט זיך נור, און זאָגען — זאָגט זיך׳ס ניט... און עס זיפצט זיך נאָכדעם אַזוי גרינג, אַזוי לײכט, גלײך א משא אַראָב פון האַרץ...

און נאכדעם... זי ווייסט אליין ניט ווען, ווי ארום און ווי אזוי עס איז איהר ארויפגעקומען אויפ'ן געדאנק — הירשעל פאר א חתן.

און זי האט אלץ געהאלטען אויף איהם אין איין קוקען, ביז ער האט אויך אויף איהר א קוק געטהון... און ס'האט זיך איהר געוויזען — ער פערשטעהט ז'... זיי פערשטעהען זיך ביידע... און ביי איהר האט זיך שוין אויסגעשטעלט פלאנען אין קאפ... איין הסרון נור: ער איז צו א שוויינענדיגער, א שעמעוודיגער: „וואס ווארט ער, איך זאל איהם זאגען? איז אפשר ניט פאר זיין קאפ? וועלען מיר זעהען... אז ס'וועט אנדערש ניט געהען, וועל איך פרובען... אפשר וועל איך איהם קאנען זאגען... „נאר פון זינט ער האט געביטען דאס ארט, געזעצט זיך נעבען יענעם „פערזעהניש", קומט איהם ניט אויס מיך צו דערזעהען... יענער פערשטעלט אלץ מיט'ן הארב... שוין לאנג זיך אפילו ניט איבערגעוואונקען לייט'יש".

זי האט זיך פערטרויט פאר איה'רער א חבר'טע, וועלכע איז שוין געווען געניט אין די זאכען.

— „לויט דו דערצעהלסט מיר. ענפע'רט איהר יענע, איז ער נאך גאר א „ילד", נאך שעמיוודינער פון א מיידיל. און דו וועסט זיך דא ניט בעגעהן אהן א שדכן. אז דו ווילסט, וועל איך דיר זיין א שדכנ'טע!"

— „ווי אזוי? פרעגט סאסי פערוואונדערט, דו קאנסט דאך איהם אפילו ניט!"

— „נו, דאס איז שוין ניט דיין זאך! דו ביסט, זאלסט מיר ניט פאריבעל האבען, א שטוב-מיידיל; קאנסט ניט קיין יונגליך! א פליג איז שווערער צ' האפען, ווי א בחור ארויסצונארען אויף דער גאס ארויס. איך וועל אזוי מאכען, אז איך זאל אייך ביידע צונויפפיה'רען, און קיין פערד זענט איהר דאך ביידע ניט; איהר וועט ביידע פערשטעהען, נאך וואס מ'האט אייך געבראכט. טאמיר וועט איהר זיך אליין שעמען, וועל איך אנהויבען דעם שמועס און תיכף אוועקגעהען. ס'איבעריגע וועט איהר שוין ענדיגען".

סאסי האט זיך היסטעריש צולאכט, ארויפגעפאלען אויף דער חבר'טע און זי' אנגעהויבען קושען. זי האט זיך ניט איינגעהאלטען, זי האט זיך צורווינט, ווי א קליין קינד.

— „אזוי וויית ביסטו פערליעבט אין איהם!" — קוקט אויף איהר יענע מיט רחמנות און פערוואונדערט.

— „א פנים", הליפעט סאסי און ענפערט ניט ווייניגער פערוואונדערט; זי האט אליין אויך ביז אצונד אזוי וויית זיך ניט געפיהלט.

ביידע חבר'טעס האבען זיך געזעגענט און אבגעפאסט, אז מע דארף די זאך אויף לאנג ניט אבלעגען: „נאך היינט וועל איך זיך נעהמען דערצו" — האט יענע נאכגעשריען סאסי'ן ביים צושיידען זיך.

---

ה.

בעריקע האט זיך אוועקגעזעצט אין א פארנאכט מיט „זיין" הירשלען (אזוי האט ער איהם אנגעהויבען רופען, זינט זיי האבען זיך בעקאנט) אונטער וויער בעקאנטען

בוים אין וועלדיל. ער איז געזעסען פערטראכט, אויפגעריייצט ווי איינער וואס ערוואַר־טעט א גרויס אונגליק.

און דאָס אונגליק איז בעשטאַנען דערינען, וואָס הירשעל זיינער האט איהם דערצעהלט, אַז סאסקי שדכנ'ט זיך צו איהם.

סאסקי איז געווען שוין אויך צוגעוועהנט אפילו א פערפאַרען האַרץ — דאס ווייסט בערקע. נאר הירשעל איז געווען אין גאַנצען „זיינער". און ער געהט פון זיינע רייד ניט אַרויס. ער דאַרף נור איבערהזרן: „טהו א שפיי אויף זיי! ניט געגעבען — דאַרף מען ניט!" זאָל שוין סאסקי צוויי מאָל אזוי שען זיין אפילו. וועט זיך הירשעל אויפהויבען אָט דא אונטער'ן בוים, און וועט א שפיי טהון: „ניט געגעבען — דאַרף מען ניט!"

ער האט אָבער שוין צייט געהאַט צו דערקאָנען „זיין" הירשלען: „ער איז זעהר א ווייכער, ממש א פאַפּיערענער מענש. ניט אומזיסט זאָגט הירשעל אַליין: ער דאַרף האָבען עמיצענס א קאָפּ זאל טראַכטען פאַר איהם, ווייזען איהם: דאָס טהו, יענס טהו ניט, ער פיהלט זיך נעביך אַליין, אזוי ווי איך קאן איהם קענטען לויט מיר געפעלט, אזוי קאן דאך איהם אויך איין אַנדערער קנעטען לויט זיין געשמאַק... און ווער ווייסט, צי זענען מיידלישע הענרטליך ניטמעהר פעהיג דערצו, ווי איך?"

נאָך אַלעמען האָט ער זיך פאַרט ניט געקאָנט אויסמאָהלען, אַז א מענטש האַרץ זאָל בלייבען קאַלטבלוטיג צו אַזעלכע אויגען, א שטייגער, ווי סאסקעס. מ'ע דאַרף דערצו מלחמה האַלטען מיט זיך, ניט פערגעסען זיך אויף א מינוט, און הירשעל איז ניט פעהיג אויף מלחמות.

„און התונה האָבען טאָר הירשעל ניט. ער וועט זיין איין אומגליקליכער גליך מיט דער שוועסטער זיינער, ער איז ניט קיין גאַנצע בריה!"

„א פאַר־פאָלק וואָלט דאס געווען — נור פון גאָט אַליין, נאר..."

אַז איהם איז געקומען אויפ'ן געדאַנק א מעגליכקייט הירשעל זאָל התונה האָבען, האט ער דערפיהלט אין האַרץ איין אונבעקאַנטען, וועהטיגליכען ־יהר... ער האט עס צוגעשריבען צו דער זאָרג, וואָס ער זאָרגט פאַר זיין הבר, וואָס שטעהט אַריינצו־פאַלען אין א גרויסען זומפּ.

„מע דאַרף האקען מיט דער שער!" — האט ער אויסגעשריען — „הירשעל, דו שטעהסט ווידער ביי א מצודה! התונה האָבען איז פאַר דיר... איז פאַר אונז א תהום, א צרה, א זומפּ! נעם רעכען זיך היינט אָב, פאָהר מאָרגען אַוועק. פאָהרען זאָלסטו קיין קארשינאוו. דאָרט איז פאַרהאַן זאַנוויל א שניידער; איך האָב א מאָל געאַרבעט ביי איהם. גוט וואס ער האט ניט קיין דערוואַקסענע מיידליך; א ווייב האָט ער אויך א מיאוסע; וועט זיין ביי איהם אָרט פאַר מיר און פאַר דיר. זאָלסטו דאָרט בלייבען און מיר תיכף שרייבען, וועל איך אַריבערפאָהרען. טאָמיר ווידער וועט פאַר צוויי קיין אָרט ניט זיין, זאָלסטו אַריינפאָהרען פון דאָרט קיין ביעלאָוווקע; ס' א גרויסע שטאָדט. דאָרט וועסטו געוויס געפינען פלאַץ פאַר אונז ביידען. דינגען זאָלסטו פאַר אונז ערגיץ א צימער מיט קעסט. עס איז שוין נמאס געוואָרען דאס קוואַרטיר ביים בעל־הבית!" —

הירשעל האט געפונען דעם חבר'ס פלאן פאר זעהר גוט. „ניט אומזיסט, זאג איך, כ'דארף א קאפ זאל פאר מיר טראכטען!"

אויפ'ן צווייטען טאג האט בערקע אויפגעזעצט הירשלען אויף דער פוהר, גוט בעווארענט מיט עסען אויפ'ן וועג און מיט הוצאות הדרך; און נאכשרייענדיג איהם דאס צעהנטע מאל: „פאהר געזונד, הירשעל! זאלסט אם גיכסטען שרייבען! זיי'ן פארזיכטיג, זאלסט ניט אראבפאלען" — האט ער זיך אומגעקעהרט צום טיש.

---

ו.

זינט הירשעל איז אוועקגעפאהרען, האט בערקע אויפגעהערט אלע פאר נאכט פערפאלען צו ווערען אויף גאנצע שעה'ן; ער האט זיך צוריק אריינגעצויגען אין זיינע אלטע פיער איילען: מיט קיינעם ניט גערעדט, מיט קיינעם זיך ניט צונויפגעקומען; ער איז געזעסען א גאנצען טאג ביי דער ארבייט, און פאר נאכט, ווען ארבייטער זענען געגאנגען שפאציערען, האט ער זיך פעררוקט אין א ווינקעל אין שטוב נעבען פענסטער, און איז געזעסען און האט געוואַרט אויף א בריעף פון הירשלען.

קיין בעסערע צייט האט שמואל ניט געוואונשען זיך אנצוהויבען זיין שמועס מיט בערקען. קיינער איז נישטא. דאס ווייב קאן מען אומישנע ארויסשיקען. סאסקי איז עפּיס ניט געזונד; קרעכצט רק פון עטליכע טאג. מע דארף אויף איהר אויף כלומר'שט אנשרייען, וואס זי געהט זיך א ביסיל ניט דורך... נאר גלייכער צו שיקען זי מיט דער מוטער צום דאקטאר. אין אמת'ן, אז זי קרעכצט, מסתמא טהוט דאך איהר עפּיס וועה. לאז זי דער דאקטאר בעטראכטען.

ארויסגעפראוועט דאס ווייב מיט סאסקין, האט ער זיך גענומען צו בערקע'ן. ער האט אויסגעטהון פון זיך דעם „בעל־בית", ארויפגעלעגט די האנד ברידערליך אויף בערקעס אקסיל: „קום, בערקע, אריין אהין, צו סאסקין אין צומער. איך דארף... איך וויל מיט דיר עפּיס שמועסען".

בערקע האט אויסגעדרעהט דעם קאפ, איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

ער האט זיך אויפגעהויבען פויל און האט זיך איהם נאכגעשלעפט.

איהם האבען אנגעהויבען דורכלויפען אין געדאנקען פערשיעדענע השערות און פארדענקען: „וואס דארף ער עס מיר זאגען?" דאס וויכטיגסטע, וואס דערויף האט זיך איהם זיין געדאנק אבגעשטעלט — איז געוועזען: „אודאי ווענען הירשלען! ט' אודאי האבען טענות צו מיר, פאר וואס כ'האב איהם אוועקגעשיקט... די „טאק" זיינע קעהר שוין חלש'ען, שלוקערצען, א ספאזמע בעקומען, סמ'ען. טרענקען זיך, א בישה אנ־טהון"...

און איהם איז שוין אנגעגרייט אויף דער צונג: „איך שפיי אויף אייך! אויף אייך, אלע געפארטע מערזאוועס! וואס אויף כלומר'שט געשטעלט זיך אונטער א הייליגער שמאטע מיט פיער שטעקענס, געשעפטשעט א שפרוך און צו־בראכען א גלעזיל,— און אידא מאן און ווייב!" ער וויל אצונד זאגען איטליכען, אז זיי זענען ניט מעהר, ווי צוויי מערזאוועס, וואס האבען שותפות געמאכט מיט די'ער נידריגקייט"...

ער וויל זיי זאָגען א סך און אין גאַנצען, וואָס עס האט זיך ביי איהם פון אַזוי פיעל יאָהרען צונויפגעזאַמעלט און וואס ליגט ביי איהם טיעף אין האַרצען מיט שנאה און האַס צו אַלע מענשען. ער וויל זיי אַלעס זאָגען, און ער פיהלט זיך אין כח דאָס אַלעס צו זאָגען. די ווערטער רייסען פון דער צונג; ער האַלט זיי קוים איין. ער וואַרט נור, יענער זאל אָנהויבען און זוכט דערווייל אין געדאַנקען, אין וואס פאַר איין אופן ער זאל אָנהויבען זיינס. עס זאָל זיין ווי מעהר גיפטיג, און ווי מעהר שטעכעדיג.

ער האָט זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פנים אַקעגען זיין בעל־הבית פאַרטיג צום אָנפאַלען.

שמואל האָט געשוויגען אַקעגען א מינוט. ער האט אויך געזוכט ווערטער, ווי אַזוי אָנצוהויבען אַזא שמועס. גלאַט פון דער זאַך אָנהויבען, פון דער מיט — הייסט עס — לאָזט זיך גיט רעדען. ס'קלייבט זיך ניט. „רעדען דען מענשען אַזוי? גליך דאס וואָס זיי דאַרפען רעדען? דערצו איז נאָך אַ שטיקל בזיון... אַליין אָנגעמיהט... און ווער ווייסט ווי ער האַלט?"

די מינוט איז געווען שווער פאַרביידען. לאַנג־לאַנג האָט זי זיך געצויגען; נאָר זי איז דאָך ענדליך איבערגעאַנגען:

„הער צו, מיין קינד, וואָס כ'ל דיר זאָגען —", האט שמואל אָנגעהויבען קיין ווערטער. און רייסען זיך צו דער זאַך — מיין סאסקילען קאָנסטו דאך... נישטא, דאַכט זיך, וואָס צו זאגען — א שען מיידיל!.. שיין קיין בייז אויג — אַכצעהן יאָהר דאַרף זי צו גאָטס נאָמען ווערען. געלויבט איז גאָט, וואס ניט קיין בהוה... פערשפאַרט זאָרגען פאַר'ן זשעראַב. ס'איז שוין צייט פאר איהר... פערשלייערען זי. כ'וויל שוין זיין אַ זיידע. פערשטעהסט? יאָ, נו, איז וואָס? שדוכים — כלהוך השור! נאָר עפּיס לייטיש, ווי מיר שטעהט אָן — האָט זיך ניט צונעשלאָגען. קוק ניט, וואָס איך בין א שניידער. מיינע עלטערן זענען געווען לויטער „ראשית הגז". ווער שמועסט — זי! מיינע הייסט עס, זי האָט נאָך היינט אויך יאָהרצייט נאָך אַ ויידען ר' „יענקעלע", א פעטער — „ר' אברהם משה'לע" — דורך און דורך פון כשר'ע פאָדעם; האָטש אין אמת'ן, צווישען אונז גערעדט, איז „יחוס — רוחות"! נאַ דיר אַ שנויין פון א הגוכה ליכטיל פאַר'ן גאַנצען „ר' יענקעלע, ר' אברהם משה'לע!" ס'איז "בבקרת מיט ווערי־מיגע וויינשיל". נאָר צוריק צו וועגס... אַ שטיקל גוטסקייט איז פאַרט. לעת־עתה בין איך שוין צוויי מאָל געווען אויפ'ן בענקיל, גבאי — הייסט עס אין שניידערשען שוה־ליכען; און מ'האָט מיך נאָך איינמאָל ניט אין טאַטען אַריין געשאָלטען, מ'האָט פאָרט דורך־אַריין"...

יענער האָט אָנגעהויבען פערלירען די געדולד. „נו?" שטופּט ער איהם אַלץ אונטער.

„יאָ, אַזוי איז עס. אַקעגען וואָס זשע זאָג איך עס דיר? ס'איז פאָרט גוט, אַז מע פערמאָגט אַ שטיקל יחוס אויפ'ן בית־עולם, ניט קענען נאכט געראַכט; אָט, אַ שטייגער דו: ביסט אויך, ווי זאָגט מען, אַ שטיקל מיוחס, איך ווייס, איך האָב מיך שוין אָנגעפרעגט: אַ לייטישער יוד געווען דיין טאַטע, עליו־השלום. דערצו איין עושר

גאָר. נאָר דו ביסט גאָר אַ שניידעריונג. די וועלט איז א רעדיל, מזל'ע מייזעלע! וואָס קאָן מען טהון? שענער פּאָר אַ גנב איז דאָך פּאָרט שניידערייי".

„נו, הכלל?" שטופּט יענער אונטער, און די ליפּען ציטערן קאָנוואולסיש.

„יאָ, אַזוי איז עס. האָב איך דיר געוואָלט זאָגען... ס'הייסט, איך גויט דיך ניט חס־ושלום! „אין אונס" — איז אַ מצות עשה אין דער תורה; נאָר אויב דו ווילסט, מרצוני הטוב, וואָלט איך דיר געגעבען מיין סאַסקעלען... פּאָר א כלה — הייסט עס, נדן איז שוין אַוועקגעלעגט אויף איהר, צוויי „שין'ער" — גיב איך איהר. הוין קעסט — ווייס איך וויפיעל? זי איז דאָך א בת יחידה ביי מיר. איבער הונדערט יאָהר וועסטו נאָך זיין אַ יורש".

בערקע האט ניט ערוואַרטעט אַזא סוף. ער האט זיך אַביסיל פערשעמט פאַר זיך אַליין, און די אַלע געזאַלצענע ווערטער, וואָס זענען איהם אָנגעגרייט אויף דער צונג האט ער נעמוזט צוריק אַליין איינשלינגען.

ער האָט ניט געקאָנט איבערטראָגען די צוויי שטעהענדיגע בליקען פון שמואל'ס אויגען, וועלכע האָבען ווי געבעטען זיך: „גיב ענטפער!" ער האט אָנגעהויבען קוקען אין די זייטען אַריין.

שמואל האט זיך אָנגעשטויסען, אַז בערקע געפינט זיך אין אַ מצודה; אז אַלענ־פאַלס קאן ער איהם תיכף קיין ענטפער ניט געבען. איהם איז די זאַך אַ ביסיל „גע־פעלען: אַ געזעצטער מענש, א בר־שכל! האָפּט ניט תיכף און זאָגט — „יאָ", מע־דארף אפילו פּורים'דיגע כּלעדליך אויך איבערקייען, כדי צו געפינען אין זיי דעם אמת'ן טעם. ער האָט איהם איבערגעלאָזט. אויף דער שוועל האָט ער זיך אָבגעשטעלט און איהם געזאָגט:

„דאַרפסט מיר תיכף ניט געבען קיין ענטפער. מענסט זיך איבער נאַכט איבער־לעגען!"

---

## ז.

א גאַנצע נאַכט האָט זיך בערקע געקייקעלט אויף זיין געלעגער און האָט ניט געקאָנט אנשלאָפען ווער־ען. געדאַנקען אויף געדאַנקען האָבען זיך איהם געשטופּט אין קאָפּ. דאָס ערשטע האָט ער זיך דערמאָנט אין הירשלען. לויט חשבון האָט שוין גע־דאַרפט זיין פון איהם אַ ידיעה, אַ בריוויל, אַ גרוס — האָטש, און — „אין קול מיט צעהן עונה'ס".

פון הירשלען איז ער אַרויפגעקומען דערויף, ווי מענשען זענען נידעריג. שלעכט און ווי זיי לעגען זיך צונויף בשותפות מיט זייער שלעכטסקייט און שווערען א היי־ליגע שבועה אונטער דער הופה. זיי זאָלען אייביג ביז צום שטארבען בלייבען צוזאַמען מיט זייער נידריגקייט און שלעכטסקייט; זיי זענען אפילו ניט ווערט די שנאה, וואָס דער לייטישער מענש דאַרף טראָגען אויף זיי.

נאָכדעם האָט ער זיך דערמאַנט אין דעם אַלטען שמואל: ס'אַ פלוידערזאַק אַביסיל! אנגעדולט אַ קאָפּ מיט יחוס־רוחות. ניט קיין שלעכטער מענש אפילו, נאָר

נאַריש ווי א פּראַבקע... ס'איז איהם איינגעפאַלען א „למדן", אין קאָפּ אַריין מיך נאָר פּאַר א התן! פּאוואלע, ברודער, מיט די פּעטע הענד! חאַפּט ניט — ס'הייס!

און נאָכדעם איז איהם איינגעפאַלען א קלעהרעכטס, צי זאָל עס דער אַלטער פון קאָפּ געווען אויסטראַכטען, ניט אנגעפרעגט זיך אפילו ביי סאַס'ן, צי אפשר איז עס מיט איהר ידיעה,

און האָט געפונען, אַז אין אמת'ן איז די הקידה ניט ווערט די מיה צוגעהמען איוף זיך, און דערגעהען זי, ווארום וואָס איז דען דער אונטערשיעד, צי ווייסט זי יא צי ווייסט זי ניט דערפון? נאר דער שכל איז מחיב, אַז ס'איז מיט איהר ידיעה, וואָס איז, שמואל איז דען קיין טאַטע ניט? ס'א פרעמדער דען? א שטיף טאַטע? ער וועט אזאַ זאַך אהן דעם קינד'ס וויסען טהון?!"

נאָכדעם האָט ער זיך פלוצלינג דערמאַנט נארישקייטען, עפּיס פון קליינערהייט האָט ער געלערנט ביי א רבי'ן וואָלף בער... האָט ער געוואָהנט נעבען א טייך... א ברייטען, א לאַנגען, א שענעם!.. אַז די זון פלעגט זיך זעצען, פלעגט אויסוויזען, דער טייך ברענט!.. ער מיט'ן רבי'נס א יונגיל גָדִילע פלעגען תמיד ליעב האָבען זיצען ביי יענעם טייך... אַלע פאַרנאַכט... און וואַרפען שטיינדליך... ס'איז געווען שען... אויף כלומר'שט פייער... און — בוך! א שטיין שפּריצט מיט וואַסער.

און טאַקי, אָט, יענער גדילע איז אַ משוגע'ן יונגיל: וואָס איטליכער האָט פיינד געהאַט, האָט ער ליעב געהאַט... אפילו קוילען פלעגט ער ליעב האָבען קייען... און דאָס „פוטער מיט ברויט", וואָס מע פלעגט איהם פון דערהיים שיקען, פלעגט ער צוטהיילען..."

און נאָכדעם האָט ער זיך דערמאַנט: ער געדענקט ניט אַקוראַט, ווער ס'האָט איהם דערצעהלט, אַז עס זענען דאָ מיידליך, וואָס זיי קאָן ניט געפעלען סיי וואָס פאַר א בחור... נור אדער ווער ס'איז אויסנעמען שען, אדער ס'איז גריילך מיאוס...

און עפּיס נאָך האָט ער זיך דערמאַנט... און עס ליגט איהם אויף דער צונג, ווער ס'האָט איהם דאָס געזאָגט, נאר ער קאָן זיך ניט דערמאַנען... עמיצער האָט געזאָגט, אַז מיאוסע מענשען, וואָס עלטער זיי ווערען, ווערען זיי אַלין וועניגער מיאוס; אַלץ שענער — הייסט עס...

און נאָכדעם האָט ער זיך איבערגעקייקעלט פון דער רעכטער אויף דער לינקער זייט און האָט געטראַכט, אַז ווען למשל די מעשה פּערהאַפּט איהם איידער ער האָט דעם נדר געטהון, איידער ער האָט געפונען דאָס געמיינע שותפות, וואָס מאַן־און־ווייב מאַכען — וואָלט ער דאָך התונה נעהאַט מיט סאַסקען וואָלט געווען א התונה... אין שניידערישען שוהליכען וואָלט מען איהם אויפגערופען... „ראש השנה" וואָלט ער נעקויפט עליות, דאָך — שוין א יוד און א טלית! נאָכדעם געלעבט ווי א יונג פּאָר פאָלק נאָך א התונה!.. געדונגען זיך א שטיביל... צי אפשר טאַקי נעקויפט... ער ניט דאָך צוויי שין'ער! עפּיס א „תק"ער וואַלגערט זיך ביי ־מיר אויך. נאָכדעם... אַ קינד — אַ ברית — און נאָך איינס... און נאָך איינס... אין שטוב ווערט פרעהליך... איינס וויינט... איינס לאַכט... דו זיצסט און אַרבייטסט ביי דיין טיש אַליין... אהן פרעמדע יונגען... וואָס טויג דיר פרעמדע בהורים! ס'איז א זינדיג פאָלק!.. און

פלוצלינג ווערט דיר פערפאלען פון אונטער די הענד דאס קלעצעלע מאקארא... ס'איז דאך ערשט געווען, וואוהין איז עס אהינגעקומען? דו זוכסט, זי זוכט — נישטא — איז נישטא!.. און דארט אין ווינקעל דערזעהסטו פלוצלינג דאס עלטערע דרייאהריג בחוריל דיינס... אויפגעוויקעלט א לאנגען עק פון'ם קלעצעלע... גענעצט זיך רייטענדיג אויפ'ן פאדעם... „וויא!" שרייט ער... ער פאהרט אויף וואס די וועלט שטעהט!... דו צולאכסט זיך, זי לאכט... ווילסט עס אבנעהמען ביים רייטער דיינעם, נאר ער האט זיך אזוי פערפלאנטערט, אז ער קאן זיך ניט אויספלאנטען...

— „האפט עס דער רוח! דאס לעבען איז נאריש נאר שען געשמאק! און וואס נארישער ס'איז, איז עס אלין שענער און געשמאקער."

און ביז טאג איז ער געוואהר געווארען א נייעס, פאר וועלכען ער האט זיך אליין דערשראקען... און אויפגעזעצט זיך מיט אימפעט אויפ'ן געלעגער... ער איז געוואהר געווארען, אז ער האט סאסקען ליעב, אז ער וויל שמועסען מיט איהר און וויל געבען איין ענפער דעם אלטען שמואל'ן.

פאר הירשלען האט ער זיך ניט געשעמט: הירשעל איז זיינער. הירשעל טאר סיי ווי ניט התונה האבען, פערקעהרט, ער איז אביסיל ברוגז אויף הירשלען, וואס ער האט אנגעמאכט א געוואלד און אוועקגעפאהרען, ווען ס'ווייזט אויס, אז ניט איהם האט מען געמיינט... ער האט זיך א פנים שלעכט איינגעהערט — און פערהערט... „הירשעל וועט שוין אויף תמיד בלייבען מיט מיר!"

נאר פאר זיך האט ער זיך שטארק פערשעמט: „וואס איז דאס פאר איין איינפאל — האט ער זיך געבייזערט אויף זיך אליין אין גערעכען — ווייטער לאז איך זיך נארען?! ווידער קריכסטו אין דער בלאטע? וואס האסטו דערזעהען אזוינס? שפיעלסט זיך — א גליק! ניין מארגען מאך איך איין ענדע! כ'ל זיך אברייסען אויפ'ן אלטען שניי־דערוק! ער זאל זיך דאס ארויסשלאגען פונ'ם קאפ!" מיט דער מסקנא איז ער פאר־טאג אנשלאפען געווארען, אין דערפריה, אז ער איז אויפגעשטאנען, האט ער עס אבגעלעגנט אויף פארנאכט.

דאך האט געטראפען נאך עפיס אנדערש: פארנאכט האט ער געזוכט א גע־לעגענהייט מיט סאסקען — אויער־אויף אויער צו רעדען; און דאס האט זיך איהם דאס מאל לייכט גענעבען, ווייל סאסי האט אויך די געלעגענהייט געזוכט.

---

ח.

זינט הירשעל איז אזוי פלוצלינג אוועקגעפאהרען אויף ניט צוריקצוקומען, האבען זיך סאסע מיט דער הבר'טע אקערשט ניט דערהרג'ט. זיי האבען זיך אלין געבראכען די קעפ, וואס האט איהם געקאנט ברענגען דערצו, ווען אלעס איז אזוי לייכט געגאנגען! ביים ערשטען שפאציער האט די הבר'טע א שמועס געטהון און באלד זיך דערשמועסט צו דער זאך. עס האט זיך געוויזען, אז עס בעט זיך אליין צום רעדען. די הבר'טע האט פונקט אין דער גוטער מינוט זי איבערגעלאזט. און זי? זי ווייסט אליין ניט פון וואנען ס'האט זיך אין איהר גענומען די שטארקייט אזוי

גלייך, אַזוי אָפֿען צו רעדען מיט איהם, גלייך זי איז ניט קיין פֿרויען־צימער, גלייך וועגען ניט זיך געהט דער שמועס!.. און ער אויף אלעמען האָט ער איינגעשטומט מיט איהר. אלעס וואָס זי האָט געזאָגט, איז ביי איהם א תורה, גלייך ער האָט נאָר קיין דעה ניט, — און פּלוצלינג — אוועקגעפֿאָהרען!"

איהר האָט אַצונד באַנג געטהון, וואָס זי האָט פֿריהער זיך ניט אויפֿגעדעקט פֿאַר דער מוטער, זי וואָלט אַצונד פערשפּאָרט בעהאלטען זיך וויינען אין קאָפּ־קישעלע, און וויינען מוז זי! זי קאָן זיך ניט אויפֿהאלטען. די מוטער שלעפּט זי צום דאָקטאָר; נאָר וואָס קאָן איהר דער דאקטאר העלפֿען: דאָס איז ניט קיין פֿיעבער אויף אוועק צוזווארפֿען, ס'איז ניט קיין צאָהן אויף ארויסצורייסען, ס'איז ניט קיין „בלוטהער" ארויס־צוקוועטשען.

ניחיי וואָלט זי האטש געוואוסט פֿאַר וואָס?

נאָר אז דער פֿאָטער האָט איהר דערצעהלט זיין פּלאַן וועגען בערקען איז איהר באלד ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. זי איז באַלד געלאָפֿען צו דער חבר'טע, ביידע האָבען געפֿונען, אז דאָס איז זיין ארבייט. ווער ווייסט, וואס ער האָט איהם אנדערצעהלט? צי מיט וואָס ער האָט איהם געשראָקען אזוי, אז ער האט געמוזט אוועקפֿאָהרען. ס'איז געבליבען, זי זאל מיט איהם, מיט דעם „ימח שמו'ניק" מיט דעם „פֿערזעהעניש" אליין שמועסען. עפֿענען איהם זיינע אקסענע אויגען מיט אמאָל. זאָל ער וויסען, אז ער האָט ניט וואָס צו האָפֿען.

פֿאַר נאַכט, אז בערקע האט איהר א זאָג געטהון מיט דער זייט: „איך האָב עפּיס מיט אייך צו שמועסען!" האט ער בעקומען א ענפער: „איך דאַרף איך מיט אייך עפּיס רעדען!"

ווען בערקע זאָל געוועזען קענען אין דער מינוט אויף זיך אַ קוק טוהן, וואָלט ער געוועזען אנגעקוואָלען פון זיך. פֿון איהם האט אראבגעשיינט איין אויסזעהן פֿון א צופֿרידען קינד.

— „אך ווי גוט, ווי ווארים ווערט דיר, אז דו פֿיהלסט עמיצענס א האַרץ קלאפּט פֿון דיינעט וועגען!" — איז איהם דורכגעלאָפֿען א געדאנק.

ער איז מיט איהר ארויסגעגאנגען אונטער גאָט'ס הימעל, אַ ביסיל אבגערוקט פֿון דער גאס וואו מענשען דרעהען זיך. ער האט געשוויגען, געוואַרט, זי זאָל אנהויבען. איהם איז איינגעפאלען, ער זאל זי שטעלען אויף דער פּראָבע: ווי אזוי און וואָס וועט זי אנהייבען?

געהענדיג, האט זיי בעגעגענט די חבר'טע. יענע האט זיך איבער־געשמייכעלט מיט סאסקען. „שנייד אהן רחמנות!" האט געטייטשט דער שמייכעל, און אויף בערקען האט זי געווארפֿען א בליק פֿול פֿון כעס און שנאה. נאר בערקע האָט דאס ניט בע־מערקט, ער איז געוועזען ניט אין זיין וועלט.

סאסקע האט ענדליך אנגעהויבען:

„מיין פֿאטער האט מיר דערצעהלט... איהר שדכנ'ט זיך צו מיר. וויל איך אייך זאגען, אז סיי ווי, ס'היסט אפילו הירשעל וועט ניט צוריק קומען, זאלט איהר

אויף מיין חשבון, הייסט עס, ניט נענארט זיין! איך וועל פאר אייך בשום אופן... ניט חתונה האבען!״

בערקע איז געבליבען א דער־הרג׳עטער. די פים האבען איהם אנגעהויבען צי־טערן, די שטערן פונ׳ם הימעל האבען געשפרונגען פאר איהם... דאכט זיך אלעס און אלע פארבייגעהענדע דארט אויף דער גאס שטעלען איהם ארויס די צונגען... די בוימער וואס ביי די שטיבער, די קוימענס פון די דעכער שטעהען אויסגעשטרעקט און קוקען אויף איהם מיט א פאלשען רחמנות, מיט א איינגעהאלטענעם שפאט...

„פאר וואס?״ האט זיך ביי איהם פון דער צונג ארויסגעריסען, ווער ווייסט, וואס און ווען ער האט געפרעגט — „פאר וואס? צי האט ער זיך געפרעגט, פאר וואס ער האט זיך ווידער אמאל אזוי לייכטזיניג געלאזט נארען? צי האט ער געפרעגט ביי זיין פערשטארבענער מוטער, פאר וואס האט זי זיך אנגעווארפען אויף יענעם געפוצטען מאנסביל און האט איהם בערקען געבארען צו שפאט און בזיון!? צי ווער ווייסט וואס און ווען ער האט געפרעגט — נאר געהערט האט ניט די פערשטארבענע מוטער, נאר — כאס׳, און ווער ס׳האט געהערט, דער האט בעדארפט ענטפערן,

„פשוט, ווייל איהר זענט גריילך מיאוס! קיין שום מיידיל, גלויב איך, וועט מיט אייך ניט וועלען חתונה האבען און איהר דארפט פון היינט אן זיך ניט מישען צווישען פערליעבטע גליקליכערע פון אייך, ווייל דאס וועט אייך קיין שום נוצען ניט ברענגען. איך האב שוין מיינס געענדיגט. איך ווינש אייך אינדעסען א גוטע נאכט!״

זי האט איהם געלאזט שטעהען און איז אריין צווישען די שפאצירענדע מיידליך אויף דער גאס. בערקע האט איהר נאכגעקוקט, ביז זי איז פערשוואונדען געווארען.

איהם האט זיך פערוואלט זי דער־יאגען, ארא בלאזען אויף איהר א האנד און איינפלעטשען דעם פערריסענעם קאפ.

איהם האט זיך געוואלט אהיים געהן נעהמען שער און אייזען און ווארפען דעם אלטען שניידערוק אין קאפ אריין — נאר יענער איז צו נאריש דערצו, ער׳ וועט ניט פערשטעהען — פאר וואס.

איהם האט זיך געוואלט נעמען זיין אייגענעם קאפ צווישען ביידע הענד און צורייבען אויף שטויב. אדער נאר נעהמען און אריינווארפען זיך אין טייך אריין; זאל ער זיך דורכשווימען אין ים אריין, וועלען האטש די פיש האבען א גוטען מאלצייט. נאר ער׳ האט זיך געפונען ניט ווערט דאס פאסקודען זיך מיט אזא נידריגער זאך, ווי ער איז.

אויפ׳ן צווייטען טאג, זענען ביי שמואל פאלקאווניקס טיש צוויי פלעצער גע־שטאנען ליידיג, הירשעלע׳ס מיט בערקעס. בערקע איז אוועקגעפאהרען.

## עפּילאָג.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין צוועלף יאָהר אַרום.

אין איינפאָהר־הויז פרעגט זיך אײן אורח ביים פאַקטאר, צי וועט ער דאָ ניט קריגען א פלאַטץ ביי א מענער־שניידער. דער אורח זעהט אוים ניט זעהר אלט, האָט: דער קאָפּ איז האַלב גרוי (קיין באָרד טראָגט ער ניט). דאָך פון די אויגען שיינט נאָך אַרויס אַ לעבענדיג פייעריל; „ס'איז נאָך דאָ גענוג ענערגיע צום לעבען"— זאָגען אַזעלכע אויגען; געקליידעט איז ער עלעגאַנטיש.

דער פאַקטאר ציהט אויף מיט די פלייצעס: „סיידין ביי דער שניידערקע — אַז איהר וועט ניט קריגען קיין פלאַטץ! זי האָט, דאַכט זיך, יענע וואָך געפרעגט אויף איין אַרבייטער."

— „אַ שניידערקע?! איין אלמנה? פרעגט דער אורח.

— „ניין, זי האָט אַ מאַן — אַ שניידער, נאָר ס'געהט אַזוי אַלײן אויף איהר נאָמען, זי נעמט אָן אַרבייט, דינגט אַרבייטער, רעכענט זיך מיט זיי,— זי איז דער "ספּאָדיק".

— „קאָנט איהר מיט מיר צוגעהען?"

— „יאָ, פאַר וואָס ניט?"

אַריינקומענדיג צו דער שניידערקע, האָבען זיי געטראָפען איין איינגעהויקערטען פערשלאָפענעם אַרבייטער ביים טיש איבער אַ „פלייצע". עס איז שווער געווען צו דערקאָנען אויף זיין בלייך און פערגרינט פנים, צי איז דאָס נאָך אַ יונגיל, צי איז עס שוין איין אַלטער מאַן... דאָס פנים לעגט שוין אָב היבשע קנייטשען, נאָר דאָך דערמאָנט עס מיט זיך אַ יונגליש פנים. געזעסען איז ער אין די הוילע אַרביל, אויפ'ן קאָפּ — אַ היטיל בעשטעקט מיט נאָדלען, וועלכעס פון פאַרינט האָט אויסגעזעהען צו קליין, פון הינטען — צו גרויס. ער האָט אויפגעהויבען די אויגען, אויסגעשטעלט אויף די געסט, ניט פערוואונדערט, ניט פעראינטערעסירט.

— „איהר זענט אויך איין אַרבייטער דאָ?" פרעגט דער אורח.

— „ניין, ענטפערט יענער מיט אַ געניץ, איך בין איהר מאַן".

— „וואו זשע איז זי, אייערע?"

— „זי ליגט אין יענעם צימער; זי איז רק קראַנק; פאַלט אַלע מאָל איין".

— „צי ווייסט איהר ניט, כ'ל ניט קאָנען קריגען ביי אייך אַרבייט? כ'בין אייך פון דעם ברויט!"

— „כ'ווייס ניט, מע דאַרף זי פרעגען!"

דער אורח האָט זיך קוים איינגעהאַלטען פון צו לאַכען; ער האָט זיך גענומען מיט נייגעריגקייט בעטראַכטען די בריאה, וואָס איז אַ מאַן פון אַ ווייב. ער קוקט זיך אין איהם טיעפער און טיעפער אָן, יענער האָט אויסגעשפּאַנט אויף איהם אַ פּאָר טויטע אויגען...

ביידע האבען א קנייטש געטהון מיט די שטערענס, אויסגעשפאנט די אויגען, אויפגעהויבען זיך פון די ערטער:

„הירשעל!"

„בערקע!"

ביידע האבען זיך איינער דעם אנדערען קוים־קוים דערקאנט. זיי האבען ניט אויפגעהערט קוקען איינער אויפ'ן אנדערען.

„אוי, בערקע!"

„זעה נור, הירשעל!"

זיי האבען ענדליך ניט אויסגעהאלטען, ארויפגעפאלען איינער אויפ'ן אנדערען און זיך צוקושט. דער פאקטאר האט זיך אונטערוויילעכס ארויסגערוקט; ער האט, געזעהען, ער איז דא איבעריג. „טפו, האט ער אין דרויסען אויסגעשפיגען, איך וואלט ניט דעם, ניט יענעם געקושט פאר א מיליאן געלד, ביידע גריילך מיאוס; א פנים — קרובים!

אין קורצע ווערטער האט הירשעל דערצעהלט בערקען, וואס ס'האט זיך איבער־געטהון די גאנצע צייט; ער האט איהם געשריבען, געשריבען פון ביעלאווקע און די בריעף זענען ווי אין ים אריין; האט ער זיך אויפגעהויבען און זיך דורכגעפאהרען צוריק צו שמואל'ן... האט מען איהם דערצעהלט, אז בערקע האט עוקר געוועזן; האט מען זיך גענומען צו איהם בכן התונה האבען מיט סאסקין; האט ער חתונה געהאט... פונ'ם ארט, פערקעהרט, איז געווען פרעהליך... נאכדעם איז ווייטער געווארען עפיס שווער.. כ'האב אנגעהויבען בענקען נאך דיר, בערקע. אוי, בערקע! געדענקסט? פלעגסט זאגען: „מענשען זענען נידריג, בלאטיג.. ס'אמת! כ'לעבען, אמת! „זי" איז אויך ניט בעסער! (דערביי האט ער אראבגעלאזט דאס קול). נאר איך בין אויך ניט בעסער! א סמן — איך בין בעשטאנען... נור דו ביסט א מענש, בערקע! דו האסט זיי דערקאנט! זיך ניט געלאזט פערפיהרען! אוי, בערקע, ס'איז נאך ערגער ווי פריהער. פריהער האטש געווען אליין! אצונד? עט, וויים איך! נו, און דיר, בערקע?"

יענער האט זיך איינגעקוקט אין הבר, בעטראכט דאס פריה געקארטשעטע, נאקיטע פנים, וועלכעס האט אבגעשטופט פון זיך מיט דערזעלבער מאס, ווי עס פלעגט אמאל ציהען „ווי א מאגנעט". ער האט זיך פערטראכט.

ענדליך האט ער זיך אויפגעהאפט:

„אויך מיר איז ניט זיס, ברודער! מיר איז אויך שווער! עס פעהלען מיר... וואס זאל איך דיר זאגען?.. עס פעהלען מיר מענשען!.. ניין ניט — מענשען.. עס פעהלט מיר עפיס... און ווייסט וואס כ'וועל דיר זאגען? איין קליינער טעות איז גע־שעהן ביי אונז ביידען: „דו האסט ניט געדארפט חתונה האבען, און האסט יא חתונה געהאט; איך האב געדארפט חתונה האבען, און האב ניט חתונה געהאט; נאר ס'איז ביי אונז ביידען פערפאלען!"

„ביסט גערעכט!" איז איהם הירשעל מסכים געווען אויף זיין שטייגער. ווי ער פלעגט איהם תמיד מסכים זיין.

יהודה שטיינבערג.

# שלום יעקב אבראמאוויץ

(מענדעלי מוכר־ספרים)

פֿון

ג ר צ ֶ ד ֶ ק.

VI.

אין דער איינענער צייט, בשעת אַבראמאוויץ האָט געשאַפֿען און געשריבען זיינע בעסטע ווערק (זייט דעם יאָהר 1878, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט זיין „מסעות בנימין השלישי" האָט ער קיין נייע זאַכען ניט בעשאַפֿען. דאָס וואָס איז שפּעטער אַרויס אין יודיש און אין העברעאיש, זענען איבערבייטונגען פֿון פֿריהערע ווערק, אָדער דאָס אַלטע איבערגעהזר'ט אין אַ ביסיל אַ פֿערענדערטען אופן), האָט ער אַרויס־געגעבען צוויי ווערקליך „זמירות ישראל" (שבתדיגע זמירות) און „פרק שירה":

פֿערדייטשט אין שירים און גוט דערקלערט,
בכדי איטליכער יוד בעזונדער
זאָל פֿערשטעהען זייער טייער ווערט,
ווי שיין זיי זענען אַ גאָטס וואונדער.

אין דער זעלבער צייט (1875) האָט אבראמאוויץ געשריבען אַ ספור המעשה „יודעל" אין שירים ע"מ י"א תנועות: אך יודעל מיין קראנקער, מיין קראנקער יודעל, דיין לעבען איז זעהר זעהר אַ טרויריג „ליעדעל".

אַלע די דריי ווערקליך האָבען פֿאַר אונז היינט ניט דעם מינדעסטען ווערט. אמת, זיי זענען אפשר בעסער פֿאַר די טייטש חומש'ן און די „צאנה וראנה", מיט וואָס מען שטאָפּט אָן די קעפּ פֿון דעם פּראָסטען המון, אָבער ניט אויף זיי האָט זיך אויפגעבויט אבראמאוויצ'עס יחוס. פֿאַר דעם קריטיקער איז אָבער זעהר אינטע־רעסאנט צו וועלען פֿערשטעהען, ווי קומט דאָס צו אַזאַ גרויסען קינסטלער ווי אבראמאוויץ, וועלכער געהט ארום מיט אַ שטעכענדיג געלעכטעריל אויף די ליפּען, זיך צו נעהמען צו אַזאַ מלאכה, ווי איבערצוזעטצען פרק שירה אין שלעכטע גראמען און נאָך שרייבען דערצו אַ פּרוש צוגלייך מיט די קליינשטעדטעלשע רב'ליך, וועלכע שרייבען ספרים, אום צו האָבען מיט וואָס התונה צו מאַכען אַ בוגרת. צי האָט אידם

געטריבען דערצו זיין רחמנות נעפיהל צו דער יודישער מאסע, וואס האט אזא הארץ ווי מיר, וואס גאהרט ארויסצולוגען אויף גאטס נוטיגקייטען, און פערשטעהט אבער ניט לשון קודש? צי האט ער ווי א פערשטעלטער משכיל נעוואלט אין א פרום קלייד אריינשמוגלען פאר'ן פאלק אביסיל שכל און בילדונג? צי האט ער דורך זיין פרק שירה געזוכט אויפצוּוועקען א ליעבע ביי'ן יודען צו דער שטומער און לעבעדינער נאטור? אין אפשר איז ער, ווי א פאר־צייטיגער משכיל גאר ניט ווייט געווען דערפון צו קאנקורירען מיט זיינע ברידער די לערנער'ס און רבנים און זיי געוואלט ווייזען זיינע אייגענע בקיאות און הריפות? אלצדינג צוזאמען האט זיך אויסגעמישט אין די דאזיגע ווערק.

אבראמאוויץ האט זיך גענומען צו מאמע־לשון אין א צייט בשעת די העברעאישע מליצה שרייבער האבען געקוקט אויף דעם מיט פעראכטונג און שפאט, בעת א יודיש בריוויל פלעגט שרייבען דער משכיל פערבעהאלטענערהייט. פון רחמנות און צובונד צו דער יודישער מאסע, צו דער יודישער פרומער וועלט האט אבראמאוויץ אויסגעפיינט זיין פעדער אויך צו שרייבען יודיש. ער איז געווען איינער פון די, וועלכע האבען נעהאלפען בעגרינדען די יודישע צייטונג „קול מבשר“ (ספר הזכרון ז. 123, הוצאות נ. סאקאלאוו). דער איינענער אבראמאוויץ האט ארויסגעגעבען אין לשון קודש לענק'ס זאלאגיע פאר דעם יודישען משכיל: תולדות הטבע, מיט דער דעה איהם צו דערנעהערען צו דער וועלטליכער בילדונג! ער האט געשטריטען מיט דער אנטיסעמיטישער פרעסע און נעוויזען די עהרליכקייט פון יודישען לעבען און די לויטערקייט פון זייער אמונה (עין משפט 1866). בקצור ער האט זיך געווארפען אין אלע זייטען, ווי דאס האט געפאדערט די ווייטערע ענטוויקלונג פון דער השכלה צייט. אליין אבער איז ער דורך זיינע געפיהלען געווען פעסט פערקניפט מיט די לעבענסגעוואהנהייטען און לעבענסאנשויאונגען פון דער קבצנסקער קהילה. ווי באלד ער פלעגט אוועקלעגען זיין קונציגע פעדער, וואס מאלט דאס לעבען פון יודישען כלל, ווי באלד ער פלעגט אויפהערען צו זיין דער קינסטלער אבראמאוויץ, און ווערען דער משכיל דער פובליציסט, פלעגט אין איהם ניט ווילענדיג ארויסשפראצען דער קבצנסקער משכיל מיט אלע די פעהלערען, פון וועלכע מיר האבען גערעדט אין די פריהערדיגע קאפיטליך. אין די בעלעטריסטישע ווערק ווערען זיינע הסרונות ווי פערטרונקען אין דעם ים פון בילדער, נעשטאלטען און ברייטע קונציגע שילדערונגען; אין זיינע אנדערע ווערק אבער טרעטען זיי בולט ארויס און פערדארבען אונז דעם חשק זיך מיט זיי צו בעקאנען. א קליינע פראבע פון „פרק שירה“ וועט קלאר בעווייזען אין וואס פאר א צומישט פנים בעווייזט זיך פאר אונז אבראמאוויץ דער משכיל.

„טעקסט: צפרדע אומרת ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד (ז. 44 פרק שירה)

טייטש און באור: בשעת יעקב, אזוי שטעהט נעשריעבען,׀ האט פאר'ן טויט זיינע קינדער פערקליעבען׀ און האט געוואלט זיי דעם קץ מגלה זיין קלאר,׀ האט די שכינה איהם זיך אבגעטהון גאר,׀ דאס האט איהם גענערט, שרעקליך נעקרענקט,׀ אפשר איז פאראן א פסול, האט ער גערייכנט,׀ צווישען די קינדער מיינע וואס זענען דא,׀ די אמונה אין גאט איז ביי זיי נישא,׀ די קינדער האבען באלד אלע מיט א מאל,׀

שמע ישראל געשריגען הויך אויפ'ן קול.| מיר האָבען ווי דו איין גאָט אין אונזער הארץ.| האָב טהייערער פאָטער נישט קיין זאָרג נישט קיין שמארץ| ברוך שם כבוד מלכותו מיט גרויס געפיהל.| ענטפערט דארויף יעקב בלייבט רוהיג שטיל.| צו קלערען הייבען דאָרט די חכמים אָן,| וואָס זאָלען מיר מיט דעם „ברוך שם כבוד טהון.| זאָלען מיר עס זאָגען קומט עפּיס נישט אויס,| משה רבנו זאָגט עס דאָך נישט ארויס.| לאָז מען עס ניט זאָגען, חלילה וחס,| יעקב האָט עס דאָך געזאָגט, עפּיס א שפּאַס.| איז מען געפאַלען אויף אַזא עצה, בכן| מען זאָל עס אָבזאָגען שטיל צווישען די ציין,| הייסט דאָך ברוך שם כבוד זאָגט מען יאָ און ניט| און מען איז יוצא לכל הדעות דערמיט.| צווישען ברכות איז די ברכה אזא מין| וואָס זי איז עפּיס אי אהער אי אהין.| עפּיס איז זי ווי יענע בעשעפעניש גלייך| וואָס לעבען אויף דער יבשה, און אין טייך| זיי געפינען זיך עפּיס אי דאָ אי דאָרט,| און זענען קיינמאָל ניט שטענדיג אויף איין אָרט.| אָט פאַר די מיני בשעפעניש אלערליי| וואָס ניט קיין פלייש און ניט קיין פיש זענען זיי| פאַר זיי אַלע שפּרינגט ארויס בראש| די צפרדע אָדער דער פראָש| און שטעלט אונז די גאַנצע טבע זיינע פאר,| אין דעם ברוך שם כבוד, וואָס איז זיין שיר.| אין מיר, עולם, אַ בעשעפעניש האָט איהר איך,| וואָס לעבט אי אויף דער יבשה, אי אין טייך| פערשטעהט עולם, מיין שיר, וואָס איך פראָש קוואקע,| ברוך שם כבוד מלכותו איז ער טאַקע,| געלויבט איז גאָטס נאָמען און זיין קיניגרייך,| איביג אויף דער ערד און וואַסער צוגלייך.| א חוין דעם דאַרף מען וויסען אַז זיין שיר,| זאָגט דער פראָש, ווי קריאת שמע לייענען מיר.| ברעקעקע, זאָגט איין פראָש שאַרף אַרויס,| און דער גאַנצער עולם פרעש הערט דאָס שטיל אויס.| און ווי דער חזן לאָזט די ברכה אויס באַלד,| ווערט דאָרט אין דעם עולם א געשריי א געוואַלד| שרייען ברעקעקע און ווערען נתפעל,| אקוראט, ווי ביי שרייען שמע ישראל:| קוואר, קוואר ענטווערען שטילערהייט אויך פיעל,| ווי ברוך שם כבוד מלכותו מען זאָגט שטיל| ביי פיעלע חכמים ווערדט דער פראָש פאַרגעשטעלט| פאַר א גרויסען בעל מתפלל עק וועלט,| ער דאַווענט כסדר די גאַנצע נאַכט אוועק,| זאָגט ברוך שם כבוד מלכותו אָהן א עק."

אין די לעצטע שורות קלינגט דאָרט זיך שוין אַרויס דער לאַבעדיגער טאָן פון אבראמאוויץ דעם סאטיריקער, נאָר אז מען קוקט זיך צו צו דעם העברעאישען פירוש אונטען מיט'ן נאָמען „טוב טעם" (?) דערגעהט מען אז דאָס שטאַמט ניט פון סאטיריקער אבראמאוויץ, נאָר פון דעם למדן דעם בקי ר' שלום יעקב, וואָס ברענגט צו זיינע ווערטער ראיות פון פערשידענע ספרים.

דער אייגענער משכיל אָבער, וועלכער האָט געשריבען גראַמען על משקל פון י"א תנועות און האָט געזוכט מיט פלפול דורך פרק שירה צו דערנעהנטערען די יודישע מאַסע צו דער נאַטור, האָט עס ערלייכט אויף א אַנדער וועג, אויף דעם וועג פון פאָעזיע, אַבראמאוויץ האָבען מיר צו פערדאַנקען די ערשטע רייגע נאַטור־שילדערונגען אין דער יודישער ליטעראַטור. אָהן פלפול און דרוש האָט ער אונז דער־צעהלט ווי עס שפּיגעלט זיך אָב ביי די יחידי סגולה פון די קאַבצאַנסקער יודען דער וואַלד אין סליחות צייט, די גרין גאָלדענע פעלדער אין א לאַנגען זומערדיגען תע"ת.

ער האָט אונז אויסגעמאָלט דעם פּריהמאַרגען, בעת בנימין, דער העלדישער וועלט-רייזענדער, האָט געוואַרט אויף סענדעריל די יודענע הינטער'ן ווינדמיהל. ער האָט אונז דערצעהלט ווי ר' מענדעלע טענה'ט זיך אויס אין א ליכטיגער נאַכט מיט דער לבנה, וואָס גיסט אויף איהם אויס איהרע קלאָר-זילבערנע שטראַהלען.

אין אַלע די נאַטור-שילדערונגען ליגט עפּיס א וואונדערליכער כשוף, די גאַנצע נאַטור קריגט עפּיס דורך אבראַמאָוויץ א יודישען פּנים, און אַבראַמאָוויץ האָט מגייר געווען די קאַבצאַנסקער נאַטור. ווי בייזענעס מכשף פּלעגט אַליין צו וואָס ער פּלעגט זיך נור צוריהרען ווערען צו גאָלד אַזוי פערוואַנדעלט זיך ביי אַבראַמאָוויץ איטליך זאַך אין דער נאַטור אין א יודען, וואָס מאַסקירט זיך א רגע. ר' מענדעלעס פערדיל האָט עפּיס אַ פּנים פון א דערשלאָגענעם יודען א לא יוצלה, פון „סענדעריל די יודענע", די סאַראַקע, וואָס יאָגט זיך אויף אַ צווייגעל, זעהט אויס ווי אָנגעטהון אין א טלית'ל מיט פּאַסען תכלת פּאַרענט און דאַווענט, שאָקלענדיג זיך, בוקט זיך און האַלט תחנון. די קיה געהען זיך רוהיג, מיט סטאַטיק צוזינגענדיג די קעפּליך ווי פיינע בעלי הבית'טעס, נאָר עטליכע פערבויגען די קעפּ און לאָזען אַרויס ווי פון א צושפּאַלטענעם שופר אַ „זיי געזונד" די פערבליבענע קעלבליך. דער וואַלד אין חשון צייט זעהט אויס ווי אַ יוד אין סליחות צייט, אומעטיג, שטאַרק אָנגעבלאָזען. דער אַלטער-אויסגעדאַרטער דאַרפּס הונד לעבט אויף דער עלטער פון קצבה אָהן אַ שטעלע מיט אַ הינקעדיג פּיסיל און א קאַלטען אויפּ'ן עק, און אַז דער האָהן דערלאַנגט אַ געשריי אויף די היהנער זיין קוקורעקו, דאַכט זיך אויס, אַז ער רופט אויס דערביי: תרבית שקצים, ווייסט ווער עלטער איז! (פישקע ה. 13, 18, 43, 52, 61, ווינשפּינגעריל 57, 60).

צווישען אַבראַמאָוויץ, דעם פּערפאַסער פון באור צו פרק שירה און דעם, וועלכער קוקט אויף די נאַטור מיט די אויגען און פיהלט זי מיט דעם האַרץ פון א קאַבצאַנסקער יודען, איז דאָ א גרויסע נאַטירליכע קרובה'שאַפט. ווען ר' מענדעלע מוכר ספרים פיהרט מיט זיך מיט מעיש און קופּערוואַרג, מן הסתם טהוט ער דאָס דערפאַר. ווייל קאַבצאַסק פאָדערט דאָס, ווייל קאַבצאַנסק בעשאַפט אַזעלכע ר' מענדעלעך. דער פּאָעט, וועלכער ווערט געבאַרען ביי אַ עדה יודען, ביי וועמען דאָס גאַנצע לעבען איז אויפגעבויט אויף טויזענדער סתירות, איז אליין פול פון אַזעלכע געפיהלען און נייגונגען וואָס זענען זיך שטענדיג סותר און פיהרען צווישען זיך שטענדיגע מלחמות און אַלע די סתירות דריקען זיך אויס אין די אבגוס פון זיין נשמה, אין זיינע פערשיעדענע לעבענס-ווערק.

---

מיר האָבען אָנגעוויזען אויף די הויפּטפּונקטען פון אַבראַמאָוויץ'עס טאַלענט, מיר מיינען אָבער ניט, אַז מיר האָבען אונזער טעמא אין גאַנצען אויסגעשעפּט. ווענען אַבראַמאָוויץ'ן ווערט נאָך אַמאָל געשריעבען ווערען א בוך, וואו עס וועט ווערען געשילדערט דער דור, אין וועלכען ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט, מיט אַלע וויכטיגסטע פּרטים, וואו עס וועלען ווערען צוגלידערט די בעסטע פון זיינע ווערק, זיין גרויסעס טאַלענט און די טעכנישע מיטעל, מיט וועלכע אַבראַמאָוויץ האָט געשריבען זיינע

קונצינע ווערק. דען אַבראַמאָוויצ׳עס ווערק זענען איינע פֿון די ווענינע שליסלען, דורך וועלכע מיר דרינגען אריין אין די נשמה פֿון דער יודישער מאַסע, און די נשמה פֿון דער יודישע מאַסע וועט אייביג זיין דער לייכטענדיגער פונקט. וואָס וועט ציצ־ העז צו זיך די בעסטע יודישע גייסטער. אונזער קורצער איבערבליק זאָל נור בריינגען דערצו, אַז די לעזער זאָל זיך אַליין פֿערטיעפֿען אין אבראמאָוויצ׳עס שריפֿטען. ער וועט אויך איטליך ווײטיל געפֿינען עפּיס, וואָס וועט בעוועגען זיין געפֿיהל און וועקען אין מוח טיעפֿע געדאַנקען.. אַ סך פֿון די היינטיגע שרייבערס, וואָס האָבען אונז געגעבען שענע נאָוועלען, קלינגענדיגע ליעדער, האָבען דאָס מאנכמאל צו פֿערדאַנקען „אַ ווערטיל״ פֿון אַבראַמאָוויץ, וואָס האָט זיך ערגיץ וואו פֿערשטעקט צווישען די שורות וואָס איז נעזאָגט געוואָרען בדרך אגב, פֿאַרבייגעהענדיג. אַזוי וואָלטען אפשר די שענע מאַרים ראָזענפעלד׳ס „אלול־מאָלאָדיען״ ניט געשריבען געוואָרען, ווען אבראמאָוויץ וואָלט אונז ניט געגעבען זיינע נאַטור שילדערונגען. אויך די טעכניק, ד. ה. דער אופֿן ווי אַבראַמאָוויץ בעשרייבט זאַכען און מענשען, ווי ער העלפֿט אונז איינצודרינגען אין די געפֿיהלען פֿון דעם געשילדערטען כלל, האָט שטאַרק געווירקט אויף מאַנכע שרייבערס, ווי מיר וועלען דאָס קלאָר זעהען, בשעת מיר וועלען ארומרעדען אַנדערע יודישע שרייבער.

די וואָס טענה׳ן, אַז אַבראַמאוויץ איז שוין פֿעראַלטערט, ווייל ער שילדערט אונז אַ וועלט, וואָס איז שוין אונטערגעגאַנגען, שילדערט אונז אַ ע ד ה י ו ד ע ן, אַ אונאָרגאַניזירטע מאַסע פֿון קבצנים, אַ פֿאָלק פֿון בעטלערס, וואָס לעבט מיט אַ עבר און ווייס ניט פֿון קיין צוקונפֿט, בקיצור די פֿאַרצייטיגע טיטע יודישקייט, — די וואָס טענה׳ן דאָס, זענען גערעכט נור אַזוי ווייט, כל זמן זיי זוכען דעם קינסטלער וועלכער זאָל זיך קענען דערהויבען צו אַ נאַציאָנאַלער אויפֿפֿאַסונג, צו נאַציאָנאַלע אידעאַלען. ווילען זיי אָבער אַריינדרינגען ביז צו די אַלטע וואורצלען פֿון דער יודישער גהעטאָ־נישמה, וועלכע האָבען נאָך היינט אַ גרויסע ווירקונג אויף דאָס לעבען פֿון יודישען פֿאָלק, און זוכען דעם קינסטלער, וועלכער האָט דאס מיט זיין פּאָעטישען בליק נעזעהען און נעמאָלט, מוזען זיי זיך ווענדען צו ש. י. אַבראַמאָוויץ ווי צו דעם איינציגען, וואָס האָט טיעפֿער ווי אַלע געחאַפּט דאָס אַלטע פינטעלע יוד, די טיעפֿסטע וואורצלען פֿון דער יודישער כלל־נישמה.

און דעמאָלסט מוז מען פֿון אַלע זיינע ווערק זיך פֿערטיעפֿען הויפּטזעכליך אין „פישקען דעם קרומען״ און אין „ווינשפֿינגעריל״, אין די ערשטע קלאַסיגע ווערק פֿון דער יודישער ליטעראַטור.

# דאס כַּפָּרָה־היהנדיל.

ערצעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאראָקאָ.

פון

## האָל קען.

---

(פאָרטזעצונג).

— מיין מאן — האט עקאטערינאַ געזאגט מיט א גיפטיגען שמייכעל — דו מוזט ארויסזאגען די שלאנג פון טעטוען!

— דו ביסט געדעכט — האט בן־אבו געענטפערט — איך שווער ביי אללאה, אז דו ביסט געדעכט! פון היינט אן וועלען מיך זעלנער בעדיענען, נישט אזוינע...

ווענדענדיג זיך צו ישראלין, האט ער אָנגעהויבען מיט ליצנות:

— מיין הער, הערשער, סילטאַן, דו ביסט געקומען זיך אבצוזאָגען פון דיין שטעלע? דו מוזט אָבער נאָך עפּיס טהון. דו מוזט זיך אָבזאָגען פון דיין הויז און פון אַלעם, וואס געפינט זיך אין איהם און דערנאָך ארויס פון שטאָדט. ווי א בעטלער!

ישראל איז געשטאנען און זיך נישט גערירט.

— ווי דו ווילסט, באשא — האָט ער געענטפערט.

— וואו זענען די צווי פרויען — די שקלאַפינען? — האָט בן־אבו געפרעגט

— אין דערהיים.

— זיי זענען מיין און איך נעם זיי מיר צוריק.

ישראל האָט א ציטער געטהון, ווי ער וואָלט געוואָלט פּראָטעסטירען. ער האָט זיך אָבער איינגעהאלטען און ווידער געענטפערט:

— ווי דו ווילסט, באשא.

ביי יעדער פראַגע איז בן־אבו'ס כעס גרעסער געוואָרען.

— וואו איז דיין געלד? — האט ער געשריען— דאס געלד, וואס דו האָסט פערדיענט ביי מיר אין דיענסט, וואָס דו האָסט ביי מיר בעקומען — מיין געלד — וואו איז עס?

— אין ערגיץ נישט — האָט ישראל געענטפערט.

— שקר וכזב — א נייער ליגען! האָט בן־אבו געשריען און די שוים האָט זיך איהם פֿון מויל געגאָסען — אָ, יאָ, איך האָב געהערט פֿון דיין צדקה, מיין הער. מיט דעם געלד האָסט דו געוואָלט מיין פֿאָלק בעקויפֿען, יאָ? צי יאָ?

— דאָס זאָגסט דו, באשא.

— איך ווייס דאָס — האָט בן־אבו געשריען — נאָר דאָס גאַנצע פֿערמעגען האָסט דו אויף דעם נישט אויסגעגעבען, דו ביסט געוועזען א נאַר, אָבער נישט אזא גרויסער נאַר, גיב אהער די שליסלען, די שליסלען פֿון דיין הויז!

ישראל איז א ווײַלע שטיל געשטאַנען, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

– ערלויב מיר דאָרט אויף איין מינוט צוריק, נור דאָס איינע בעט איך דיך!

עקאטערינא האָט זיך צולאַכט.

— בבן, איז איהם דאָך עפּיס איבערגעבליבען! — האָט זי אויסגעשריען.

ישראל האָט אויף איהר א קוק געטהון מיט זיינע טרויריגע אויגען און האָט געזאָגט:

— יאָ, עס איז מיר דאָרט דאָך עפּיס איבערגעבליבען.

עקטארינא האָט זיך געמאַכט נישט הערענדיג די תשובה און האָט געשריען צו בן־אבו:

היים איהם, באלד דיר געבען דעם שליסעל פֿון זיין הויז. ער האָט דאָרט אַ אוצר!

—יאָ—האָט ישראל געזאָגט—אמת, איך האָב דאָרט אַ אוצר. מיין טאַטע—מיין בלינדע נעמי.

— דאָס איז אַלעס, וואָס דו האָסט דאָרט? — האָבען צוזאַמען אַ געשריי געטהון עקאטערינא מיט בן־אבו'ן.

— דאָס איז אַלעס — האָט ישראל געענטפֿערט — נאָר פֿאַר מיר איז דאָס גענוג. ערלויבט מיר דעם אוצר מיטצונעהמען מיט מיר.

— ערלויב נישט! — האָט עקאטערינא געשריען צו איהר מאַן.

אויף ישראל'ס פּנים האָט זיך געוויזען א שמערץ, וואָס ער האָט נישט געקענט בעהערשען.

— וואַרף מיך אַרויס פֿון מיין הויז, אויב דו ווילסט — האָט ער זיך געבעטען — טרייב מיך אַרויס פֿון דער שטאָדט ווי א בעטלער, נאָר ערלויב מיר מיין טאַטער מיט מיר מיטצונעהמען.

— זי וואַלט דיר דערפֿאַר נישט דאַנקבאַר געוועזען — האָט עקאטערינא גיפֿטיג געענטפֿערט.

— זי ליעבט מיך — האָט ישראל היים געזאָגט — איך בין אַלט און יעדען טאָג בין איך נעהנטער צום קבר, איך ברויך איהר יונג, פֿרעהליך לעבען, בשעת איך האַלט ביים שטאַרבען. און זי ברויכט מיך... זי איז בלינד, אָהן כח, זי איז מיין כפרה־היהנדיל, באשא, ווי איך בין דיינס.

עקאַטערינא האָט זיך גיפֿטיג צולאַכט. זי איז זעהר צופֿרידען געוועזען דערפֿון, וואָס זי האָט דאָך געפּועל'ט, אַז ער זאָל זיך מוזען בעטען.

— גלויב מיר — האָט זי צו איהם געזאָגט — אז איך פערשטעה מיך בעסער אויף מיידליך, ווי דו. איך ווייס בעסער, וואָס זיי ברויכען. ניין, איך וועל איהר געבען דאָס, וואָס זי ברויך מעהר, ווי דיין ליעבע. זי וועט בלייבען ביי מיר!

ישראל האָט זיך איינגעגלייכט און געזאָגט:

— איך וויל זי בעסער זעהען אַ טויטע ביי מיינע פיס!

— האַלט דאָס מויל! — האָט בן־אבו אַ געשריי געטהון — געדענק צו וועמען דו רעדסט! צו דיין הערשערין!

— צו דיין, באשא, הערשערין — נישט צו מיינער!

עקאַטערינא איז מיט אַ פלאַמענדיג פנים צוגעשפרונגען צו ישראל׳ן און האָט איהם מיט איהר פעכער אַ קלאַפּ געטהון אין שטערן. זי האָט איהם דעם שטערן צוּבלוטיגט און דאָס בלוט איז איהם געגאנגען אויף דער באַק. ער האָט אָבער אַפילו קיין ציטער נישט געטהון און קיין וואָרט נישט געענטפערט.

אין דעם האָט מען דערהערט אַ שוואַך געשריי פון אַ מיידיל.

זיי אַלע האָבען פריהער גאָר נישט געזעהן, אַז נעמי איז אַריינגעקומען. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווי לאַנג זי שטעהט שוין דאָרט און ווי אַזוי זי איז דאָרט אַריינגעקומען. זי איז געשטאַנען ביי דער טיהר, איין האַנד האָט זי צוגעדריקט צו דער ברוסט און מיט דער צווייטער האָט זי זיך געהאַלטען אָן דער אייזערנער טיהר. איהר קאָפּ איז געווען אויפגעהויבען, דאָס מויל — אָפען, די בלינדע אויגען האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען ווילד געקוקט. זי האָט געהערט די שרעקליכע ווערטער, זי האָט געהערט דעם קלאַפּ, וואָס מען האָט איהר פאָטער געגעבען.

איהר פאָטער האָט מען געשלאָגען! איהר פאָטער! איהר פאָטער! דאַמאָלס האָט זי אַ געשריי געטהון. אַלע האָבען זיך דאַמאָלס אויף איהר אומגעקוקט. וואַקלענדיג זיך איז זי נעהנטער צוגעגאַנגען. מען האָט געזעהן, אַז איהר נשמה, איהרע אַלע געפיהלען האַלטען אַ מלחמה אין איהר בלינד פנים. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? וואָס טהוט זיך דאָס? איהרע אויגען האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען אַראָבגעריסען פון זיך די דעק, אום זיי זאָלען קענען זעהען, זעהען, זעהען!

אין דער מינוט האָט געשעהן אַ נס. אין איין רגע, ווי פון דעם געוויטער פון געדאַנקען, האָט נעמי׳ס נשמה אַראָבגעריסען די שווערע דעק, מיט וועלכער די אויגען זענען זיעבצעהן יאָהר בעדעקט געוועזען. נעמי האָט שוין געזעהן!

אַלע האָבען דאָס באַלד דערזעהן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע איהרע כחות, איהר גאַנץ געשטאַלט האָט זיך צוזאַמענגענומען אין איהרע אויגען. זי האָט גאָר אַנדעריש אויסגעזעהן, און עס האָט זיך זיי אַלעמען געדאַכט, אַז זיי זעהען זי צום ערשטען מאָל.

נעמי האָט אויך אין דער מינוט זיך געפיהלט, ווי זי וואָלט ערשט געבוירען געוואָרען. ענדליך זעהט זי אויך די וועלט, אַלעס ווי עס זעהט אויס. מיט איין מאָל זעהט זי, ווי די זון שיינט העל, דעם בלויען הימעל, דעם קאָיד, זיין פרוי, די זעלנער, דאָס פנים פון דעם אַלטען מיט אַ טרעהר אין אויג. זי האָט דעם נס נישט

פּערישטאַנען, זי האָט דאָך נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז „זעהען!" זי האָט זיך נישט געלערנט זעהען!

— אָה, אָה! — האָט זי געשריען שטעהענדיג און ציטערענדיג. ענדליך האָט זי זיך די אויגען בעדעקט מיט די הענד.

ישראל האָט דאָס אַלעס געזעהען.

— נעמי! — האָט ער אַ געשריי געטהון מיט אַ דערשטיקט קול און אויס־געצויגען צו איהר זיינע הענד. זי האָט אַראָבגענומען איהרע הענד פון די אויגען און אַ קוק געטהון אויף איהם מיט אַ נישט־זיכערן בליק.

— נעמי! — האָט ער נאָך אַמאָל אַ געשריי געטהון און איז צו איהר צו־געגאַנגען. זי האָט ווידער די אויגען בעדעקט מיט די הענד, כדי זי זאָל נישט זעהען די פרעמדע געשטאַלט, וועמעס קול איז איהר אַזוי גוט בעקאַנט געוועזען. דערנאָך איז זי געפאַלען אין איהר פאָטערס אָרימס. ישראל'ס האַרץ איז פול געוואָרען מיט גאוה, צודריקענדיג זי צו זיין ברוסט, האָט ער זיך געווענדט צו עקאַטערינאַ'ן מיט די ווערטער:

— ווייסט דו פירסטין, מיר זענען אַלע אין גאָטס האַנד. זעה! זעה! ער האָט געשיקט זיין מלאך צו בעשירמען זיין דיענער.

בן־אבו האָט געציטערט פון שרעק און האָט אָנגעהויבען צו מורמלען תפלות, ווי פריהער, ווען ער האָט זיך דערשראָקען פאַר דעם סולטאַן און זיינע שפּיאָנען.

— אָ, רחמנות'דינער! וואָס איז דאָס? אַללאַה! אַללאַה ראַטעווע! האָט דאָס אַללאַה געטהון, אָדער אַ נישט גוטער רוח? רחמנות'דיגער! אַ קללה אויף זיי ביידען! אַללאַה! אַללאַה!

די זעלנער האָבען אויך מיט שרעק געקוקט איינער אויף דעם אַנדער'ן, נור איין עקאַטערינא האָט זיך צולאַכט אויפ'ן קול און געשריען:

— בראַוואָ! בראַוואָ! אַ שענע קאָמעדיע! האָב איך דען שוין נישט לאַנג געזאָגט? זי איז בלינד? יאָ, זי איז אַזוי בלינד ווי איהר אַלע! אָבער אַ קאָמעדיע איז עס אַ שענע! בראַוואָ! בראַוואָ!

הערענדיג ווי עקאַטערינא לאַכט פון זיין נעמי, האָט ישראל זיך קוים איינגע־האַלטען פון כעס. באַלד דערנאָך אָבער האָט דאָס געלאַכטער איבּגעהערט און בן־אבו האָט אַ געשריי געטהון:

— זעלנער, נעמט ביידען! איהם זאָלט איהר אַרויפזעצען אויף אַ אייזעל, דאָס מיידיל וועט געהען נעבען איהם באָרפוס. און מען זאָל אויסרופען פאַר איהם אין די גאַסען: „אַזוי ווערט געטהון יעדען קאַיד'ס שונא און יעדער פרוי, וואָס נאַרט און בעטריגט!" אַזוי זאָלט איהר זיי פיהרען אין אַלע גאַסען ביז צו די טהויערען פון דער שטאָדט און דאָרט זאָלט איהר זיי אַרויסוואַרפען ווי הינד אָדער מצורעים!

---

## XVIII.

ווען דער קאַיד האָט בעגאַנגען די בעשלאָסענע נידערטרעכטיגקייט, איז אויף דער שטאָדט געקומען אַ גרויסע ברכה פון הימעל. עס איז אַרויס אַ רעגען. אויף

וועלכען מען האט אזוי לאנג געווארט און אזוי פיעל געבעטען. קליינע טראפען, ווי טהוי זענען אין אנהויב געפאלען פון די שווארצע וואלקענס, וואס האבען זיך געוויזען אויף די שפיץ בערג, נאר באלד איז דער הימעל גרוי געווארען און דער רעגען האט גע־גאסען ווי פון א טייך.

די שמחה, פרישקייט, דער תענוג און די שענקייט, וואס דער רעגען האט גע־בראכט, זענען געווען אונבעשרייבליך. די לופט וואס איז געוועזען דורכגענומען מיט שטויב, איז ריין געווארען און האט געבלאנקט ווי דאס וואסער וואלט זי אבגע־שווענקט. די גאסען, וואס זענען פול געוועזען מיט שמוץ, זענען אבגעוואשען און פריש געווארען.

די איינוואהנער פון דער שטאדט זענען מיט שמחה און גליק ארויסגעגאנגען פון די הייזער און האבען פול געמאכט אלע גאסען און פלעצער. ווי קינדער האבען זיי מיט פרייד געשפרונגען אין וואסער אונטער דעם גאסרעגען. מיט די הענד האבען זיי געהאפט רעגען־וואסער און געטרונקען. אזוי זענען זיי דורכגעלאפען די שטאדט מיט געשריי און געלעכטער, ווי קינדער, וואס זענען פערטיעפט אין זייער שפיעלען.

די יודען האבען זיך ארויסגעשאטען פון מעללאה, און די אראבער, וואס היטען די טהויערען פון דער שטאדט, האבען זיי פריינדליך בעגריסט. די מוילאייזעל־טרייבער האבען געשריען זייער „בלק" מיט א קול, וואס איז גלייך געוועזען צו א געזאנג; בעלי־מלאכות האבען זייערע ווערקשטעלען געלאזט שטעהן און שטעהענדיג אין טהיר, האבען זיי מיט פרייד בעגריסט אלע, וואס זענען פארבייגעגאנגען; די מהמד'אנישע געלעהרטע האבען פערלאזט זייער קאראן און זענען געשטאנען בעזונדער און גע־שמועסט; די הענדלערס פון מארק האבען געשפרונגען ווי קליינע קינדער מיט אויפ־געדעקטע קעפ, געקרומט די פנים'ער ווי אפען, זיך געהאלזט און געקושט.

דאמאלס פונקט איז פון קאיד'ס פאלאץ ארויס די שרעקליכע פראצעסיע. צום ערשטען איז געגאנגען א רייענדיגער זעלנער אין א רויטען נייעם מונדיר, האטש דער רעגען האט געגאסען. נאך איהם זענען געגאנגען פיער שווארצע זעלנער און איןביידע זייטען צוויי אויסרופער. אין מיטען זענען געגאנגען די צוויי קרבנות, נעמי פא־אויס, בארפוס. דעם קאפ אבגערעקט, די קליידער צוריסען ביז צום העמד, דעם קאפ האט זי אראבגעלאזט, אום דאס פנים צו פערשטעלען, די אויגען האט זי פערמאכט; נאך איהר איז געריטען ישראל אויף א דאר אייזעל. נאך זיי זענען געגאנגען שווארצע זעלנער. אזוי זענען זיי געקומען אויף דעם מארק, וואו א המון מענשען האט זיך גע־פרעהט מיט דעם רעגען.

דערזעהענדיג די פראצעסיע, זענען זיך אלע צוזאמענגעלאפען; פון וויטערע גאסען, פון געוועלבען, פון געצעלטען זענען מענשען ארויסגעגאנגען, אום צו זעהען, וואס דאס איז, און דערזעהענדיג ישראל'ן מיט נעמי'ן אין מיטען, האבען אלע צו־זאמען אויסגעשריען פון בעוואונדערונג און שמחה.

— גרויסער אללאה! דאס איז דאך דער יוד ישראל! האבען מורען געשריען.

— רבונו של עולם, ראטעוועו! ישראל בן עליאל! האבען געשריען יודען.

— וואס איז דאָס? וואס איז געשעהן? וואָס זאל דאס בעדייטען? — האָט איינער דעם אַנדערן געפרעגט.

— בלק! האט געשריען דער ריזענדיגער זעלנער, וואס האט זיך קיים געמאַכט פלאַין צווישען די פערזאַמעלטע מענשען — אַוועק! פון וועג!

און די איסרופער האבען געשריען אָהן אַנ׳איפהער:

— אַזוי וועט געשעהן יעדען קאַיד׳ס שונא און יעדע פּרוי, וואָס נאַרט אין בעטריגט!

די פערזאַמעלטע האבען דערנאָך אָנגעהויבען צו שעלטען און זידלען.

— ער האט דאָס פערדיענט! האָבען פיעל געשריען.

— אַללאַה! עס איז איהם אַצינד גוט! — האט ער געהערט פון אַנדערע.

— קוקט נור אויף איהם!

— ער האט דאָך זיין שכר!

— אַ שענעם סוף האָט ער!

— אַ קללה אויף איהם! אַ קללה!

און העכער פון די אַלע פערשיעדענע קולות האט מען געהערט דאָס שרייען פון די איסרופער:

— אַזוי וועט געשעהן יעדען קאַיד׳ס שונא און יעדע פּרוי וואָס נאַרט אין בעטריגט!

דערנאָך האָט מען אויפגעהערט זיך צו וואונדערן און מען האט זיך בעמיהט זיינע יסורים צו פערגרעסערן.

— קוקט נור אויף איהם און אויף זיין אויסגעדאַרט אייזעל! און פאַר איהם האבען מיר אַזוי לאַנג מורא געהאַט! אַללאַה! האבען די אַראַבער געשריען.

ווען זיי זענען אַרויס פון מאַרק, איז א אָבגעריסענע פרוי צוגעשפרונגען צו ישראל׳ן און איהם אַ שפיי געטהון אין פנים. נעבען מעטשעט איז א אַלטער צוגעגאַנגען צו איהם און איהם געגעבען א פאַטש. די פרוי האט פערלאָרען א מאַן אין דער אַלטער א זוהן איבער בן־אבוס משפט. ישראל האט ביידע געשטיצט, ווען ער האָט זיך פערשטעלט פאַר אַ מויר און ווען ער איז ביי נאַכט געגאַנגען אָרימעלייט געבען צדקה.

— בלק! האט געשריען דער ריזענדיגער זעלנער און די איסרופער׳ס קול האָט פערטויבט דאָס גערויש.

ביי יעדען טריט איז דאס געלויף גרעסער געוואָרען. שטאַרקערע האָבען אַייקגעשטופּט שוואַכערע, אום נעהנטער צו זיין ביי די אונגליקליכע. בלינדע און קאַליקעס, וואס האָבען זיי נישט געקענט זעהען, האבען זיך געשלעפּט פון הינטען און שרעקליך געשאָלטען ישראל׳ן.

אין דעם טהויער פון מעללאַה זענען זיי געקומען אנטקעגען די זעלנער, וואָס זענען געשיקט געוואָרען פון קאַיד צו בערויבען און חרוב צו מאַכען ישראל׳ס הויז; דאַמאלס זענען זיי שוין צוריק געגאַנגען פון דער מלאכה. נאָך זיי איז געגאַנגען א קאָמפּאַניע אַלטע יודען און פאַראויס זענען געווען ראובן מלכי. אברהם פּישמאַן

און יהודה בן לאל. דער׳זועהענדיג די דריי פּראָצענטניקעס, האָט דער המון ערפונען א נייע מיטעל ישראל׳ן יסורים אָנצוטהון. מען האָט אנגעשטעלט, ווי דאָס וואָלט געוועזען אַ געזעגענען זיך מיט אַ קאַיד שעריף, אָדער סולטאַן. מען האָט זיך גענייגט פֿאַר ישראל׳ן, צו נעמי׳ן האָט מען זיך געבוקט ביז צו דער ערד. ראובן מלכי האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דעם המון און געשריען מיט זיין הייזעריג קול.

— ברידער פון טעטוען, קוקט אויף אונזער בעל חסד! מאַכט איהם אַ וואַ־ע! אַוועק פֿון וועג! ער רייט! דרך־ארץ!

דער גאַנצער המון האָט געשריען, געקלאַפּט, געשאָלטען.

דער אַלטער אבי־הם פּיזשמאַן האָט אַ זעלנער געגעבען אַ גרין הישפּאַניש שירימיל, און דער זעלנער האָט מיט אַ אכזרי׳יש געלעכטער דאָס שירימיל געעפענט און געהאַלטען איבער ישראל׳ס קאָפּ, ווי איבער אַ סולטאַן.

— בענטש, גאָט, אונזער הערשער!

— רעטער פון פאָלק!

— בעל־חסד! מלך אונזערער!

אזוי האָבען פיעל מיט אכזרי׳יש ליצנות געשריען, און דער המון איז כמעט צוזעצט געוואָרען פון לאַבען הערענדיג דאָס געשפּעט אויף ישראל׳ן.

ישראל איז די גאַנצע צייט געזעסען אויף זיין אייזעל אָהן בעוועגונג, אָהן שרעק און אפילו אָהן הכנעה. ער האָט געקוקט אויף אלעס און אַלעס האָט ער געזעהען; די זעלנער און אויסרופער האָבען פון איהם געלאַכט; די מוירען האָבען געזידעלט, יודען — געשאָלטען, דער המון האָט אויף איהם געשפּייגען און איהם געפּאַטשט פֿאַר דעם ברויט. וואָס ער האָט זיי געגעבען בשעת זיי זענען הונגעריג געוועזען. זיין הערץ האָט איהם נור וועה געטהון אויף די גרויסע יסורים, וואָס נעמי האָט אויסגעליטען נעהענדיג נעבען איהם. וויסענדיג, אַז ער האָט די צרות אויף איהר געבראַכט, האָט ער עטליכע מאָל זיך געוואָלט אַראָבבויגען צו איהר און זאָגען:

— זיי מיר מוחל, מיין קינד, זיי מיר מוחל!

ער האָט דאָס אָבער נישט געטהון, ער איז זיכער געוועזען, אַז גאָט האָט איהם היינט געטהון אַ נס, און נור דערפֿאַר. וואָס ער האָט אַזוי געטהון ווי ער איז מחויב געוועזען צו טהון, רעדיבער האָט ער זיך געקלערט:

— זי האָט מיט מיר צוזאַמען דעם שבר פֿאַר די יסורים, זי געהט און ליידט מיט מיר צוזאַמען, אבער גאָט געהט נעבען אונז!

די פּראָצעסיע איז געקומען צו דעם טהויער באב־טוט, דורך וועלכען מען פֿאָהרט קיין טאַנזשער און שאוען. די ענגשאַפּט איז דאָרט געוועזען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיך נישט געקענט דורכשטופּען דורך דעם המון, און די זעלנער האָבען זיך גע־מוזט שטעלען. ראובן מלכי האָט זיך דאַמאַלס דורכגעשטופּט צו ישראל׳ן און מיט אַ הויך קול, אַז אַלע זאָלען הערען, האָט ער געשריען:

— קוק נור אויף די מאסען מענשען, וואס האבען זיך דא פערזאמעלט אום דיר כבוד אנצוטהון, מיט דיר צו געזעגענען זיך, דו, רעטער פון אונזער פאלק! קוק! קוק! מיר אלע וועלען דעם טאג געדענקען!

— איהר וועט איהם געדענקען! — האט ישראל מיט כח געשריען — ביז צים טויט וועט איהר אלע איהם געדענקען!

עטליכע מיידען האבען אנגעהויבען צו לאכען פון דער תשובה; ישראלים קול, וואס האט געהילעכט ווי א שרעקליך ווילד געשריי, האט אבער געטראפען אין יודענס הערצער און עטליכע זענען באלד אוועקגעגאנגען פון דעם המון און אהיים געגאנגען. ווי האבען דערהערט דאס קול פון — א ברודער!

— בלק! — האבען די זעלנער געשריען, די אייזופער האבען ווייערס אויסגערופען און די פראצעסיע איז ווייטער געגאנגען.

ישראל איז דורכגעקומען די לעצטע מינוטען פון שווערען נסיון. אן זיין פנים האט מען נישט דערקענט קיין צייכען פון אויפרעגונג. נור אין זיין הארץ האט זיך פערגאסען א שטראם ביטערקייט און דער יצר-הרע האט איהם איינגערוימט:

— זעה! הער! פאר די מענשען האסט דו דיך מקריב געוועזען! זענען זיי ווערט, אז דו זאלסט זיין זייער קרבן? דו האסט געקענט זיין גרויס, מעכטיג און טרעטען אויף זייערע העלזער! די וואס טהון דיר איצט אן יסורים, וואלטען דיר גרויסען כבוד אנגעטהון! נאר! אלין האסט דו מקריב געוועזען פאר ארימע לייט, און מיט אזא שכר בעצאהלען זיי דיר!

און ווען ישראל האט געקוקט אויף געמי'ן, וואס איז בארפוס געגאנגען נעבען איהם אויף די הארטע שטיינער, איז דער יצר-הרע נאך שטארקער געווארען; דער יצר-טוב האט איהם אבער מוטה צוגעגעבען.

— שטארק זיך! — האט ער איהם געווארענט — ווארט איבער נאך איין מינוט! ענדיג דאס, וואס דו האסט אנגעהויבען! דו טהוסט גוט, גאטס דיענער!

און ער האט געפאלגט דעם יצר-טוב. אהן איין ווארט, אהן געשריי איז ער געריטען אויף דעם דארען, מיאוס'ן אייזעל. נור איין מאל האט ער אקוק געטהון אויף דעם שרייענדיגען און לאכענדיגען המון, אויף די סך ווייסע און שווארצע קעפ און א שמערץ האט איהם דאס פנים אויסגעקרומט.

— רבונו של עולם! — האט ער זיך געקלערט אין הארצען — וואס פאר א טייוועל האט זיי בעהערשט!

ענדליך זענען זיי געקומען צו די טהויערען פון דער שטאדט. קיינער האט ביז דאמאלס נישט בעמערקט, אז דער גאסרעגען האט שוין לאנג אויפגעהערט; אלע האבען זיך דעמפון דערוואוסט ערשט דאמאלס, ווען זיי האבען דעריעהען א גרויסען רעגענבויגען איבער די טהויערען פון דער שטאדט.

ישראל האט אויך דערזעהען דעם רעגענבויגען און האט איהם געהאלטען פאר א צייכען פון גאט. אויף יענער זייט טהויערען, ווייט פון דער שטאדט, פון דעם לאנד, אין בערג און אין טהאלען, וואו עס געשעהען קיין גזלות נישט — וועט אידם נאך אלין פיהרען, און נישט די שלעכטע מענשען!

וואָס ווייטער האָט זיך מיט איהם געטהון, האָט ישראל נישט געדענקט. ער האָט פערלוירען זיין געפיהל און נור ווי דורך א געדיכטען נעבעל האָט ער געהערט דאָס גערויש. פריהער האָט ער געהערט צום לעצטען מאָל דאָס געשריי פון די אויסרופער:

— אַזוי וועט געשעהן יעדען קאָדים שונא און יעדער פרוי וואָס נאַרט איהר בעטריגט!

דערנאָך האָט ער געהערט דאָס געשריי פון דעם ריעזענדיגען זעלנער:

— בלק! בלק!

ענדליך האָט ער געהערט א שרעקליך געשריי פון טויזענדער העלזער און דאָס פערהאַקען די טהויערען.

ווען ישראל איז צו זיך געקומען, האָט ער געזעהען, אז ער געפינט זיך אויף א פלאַכען באַרג, וואָס איז בעדעקט געוועזען מיט היבע אַלאָעזען; ביי דער האנד האָט ער געפיהרט געמיין.

(פארטזעצונג קומט.) ע. פ.

# ר׳ אברהם אבן עזרא.

## א.

מיט צוויי זאַכען צייכענט זיך אויס דאָס יודישע פֿאָלק: מיט ווערטלען זיך, שאַרפֿען זיך, רעדען שפּיציגע רייד און מיט זיין גרויסען כח צו ליידען און צו טראָגען אַלע שווערע משאות אויף זיינע אויסגעדאַרטע און אויסגעדריקענטע ביינער.

אויך ר׳ אברהם אבן עזרא, ווי איין אמת׳ר זוהן פֿון זיין פֿאָלק, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט די דאָזיגע צוויי מעלות אָדער הכּרונות, גאָר אין דער גרעסטער מאָס.

א יוד איז א גרויסער בּריה צו זאָגען א ווערטיל, א שפּיציל. אין דער גרעסטער עת צרה איז ער מסוגל צו שפּעטען און לאַכען. די פֿיעל צרות און יסורים, וועלכע זענען איהם בעפֿאַלען אויף זיין גאַנצען היסטאָרישען וועג, האָבען אין איהם בעשאַפֿען אַזאַ מין כּח צו קוקען גרינג אויף אַלעס. צו דערשטיקען די טרעהרען פֿון די אויגען מיט דעם געלעכטער פֿון׳ם מויל, צו פֿערקלענערען די מורא פֿון די צרות הורכדעם, וואָס ער לאַכט זיי אויס. אָט די מדה האָט אין איהם איינגעהיט זיין לעבען און מוט. ווען דאָס יודישע פֿאָלק זאָל געווען צולאָזען צום האַרץ יעדע הוואַלע פֿון דעם ים צרות, אין וועלכען עס טרינקט זיך, וינט עס איז געוואָרען א פֿאָלק, וואָלט שוין לאַנג דאָס האַרץ זיינס ניט אויסגעהאַלטען, און ס׳וואָלט ניט געבליבען קיין טראָפּען לעבען אין דעם גאַנצען יודישען קערפּער.

---

ר׳ אברהם אבן עזרא איז געבאָרען אין דעם 4853 יאָהר לבריאת העולם אין דער שטאָדט טאָלעדא אין שפּאַניען. ביז דעם 50־סטען יאהר פֿון זיין לעבען איז ער פֿון שפּאַניען ניט ארויסגעפֿאָהרען.

ווי ר׳ יהודה הלוי האָט ער אויך אָנגעהויבען פֿריה צו שרייבען שירים, נאָר אין זיינע שירים בעמערקען מיר ניט די וואַרימקייט און די טיעפֿע פּאָעזיע ווי ביי ר׳ יהודה הלוי׳ן.

ר׳ יהודה הלוי׳ס שירים זענען האַרץ און געפֿיהלען, און ר׳ אברהם אבן עזרא׳ס זענען דורכאויס מוח און קונצען. די שפּראַך אין די שירים זיינע איז אפילו א גאַנץ לייכטע, נאָר שירה איז ווינציג דאָ אין זיי. א שענע פֿאָרמע, הויכע געדאַנקען, שפּיצליך און קונטצען, — אָט דאָס אַלעס וועט איהר געפֿינען אין זיי, אבער ניט קיין רייכע פֿאַנטאַזיע און א וואַרימען אָטהעם. אפֿילו אין די תּפילות און אין די סליחות זיינע געפֿינען זיך אויך ווינציג האַרץ און געפֿיהלען, וועלכע זענען די נויטהיגסטע יסודות

פאַר אַזאַ מין שירה. ס'זענען אין זיי דאָ שענע געדאַנקען, פיעל מוסר, אמת'ע חקירות, נאָר ניט דער אָטהעם פון שירה.

דאָך לייענען זיך זיינע שירים געשמאַק און זענען ניט טרוקען, ווי אַנדערע שירים פון אַזאַ מין, דאָס האָט מען צו פערדאַנקען דעם, וואָס זיי זענען געשריבען אין אַ קורצער שפּראַך, שאַרף און שטאַרק. ר' אברהם אבן עזרא האָט אפילו אין ספּעציעלע מאמרים וועגען חקירות ניט פיעל גערעדט, און אין שירים רעדט ער נאָך ווינציגער, דערפאַר לייענען זיי זיך אַזוי גרינג און געשמאַק.

ר' אברהם אבן עזרא איז געווען שטאַרק מיט זיינע סאַטירישע שירים. אין דעם מין שירים איז דער כח פון ר' אברהם אבן עזרא געווען העכער פון אַלע משוררים אין זיין צייט. די דאָזיגע שירים זיינע זענען קורץ און בייסענדיג, אַזוי ווי די פען זיינע וואָלט געשריבען ניט מיט טינט, נאָר מיט דער שאַרפקייט פון דעם יודישען מה און האָט אויף זיך אַרויפגענומען דעם נאַנצען כח פון יודישען פאָלק צו שאַרפען זיך און ווערטלען זיך.

---

## ב.

נאָר אמת גרויס איז ר' אברהם אבן עזרא אַלס מפרש פון תנ"ך. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט עוסק געווען צו מפרש זיין דעם תנ"ך נאָך זיין איינפאַכען פשט און דעם דקדוק פון דער שפּראַך.

פאַר איהם זענען אויך געווען אַ סך חכמים, וועלכע האָבען געשריבען פירושים אויפ'ן תנ"ך, נאָר קיינער פון זיי איז ניט נאָכגעגאַנגען בלויז נאָך דעם אמת'ן פּראָסטען פשט. פיעל פון זיי האָבען זיך אַריינגעגעבען אין פילוסופיה, און דער עיקר איז ביי זיי געווען ניט בעשיידען דעם תנ"ך, נאָר אַריינקוועטשען מיט געוואַלד אַט די פילאָזאָפישע געדאַנקען, וועלכע זענען ביי זיי געווען טייער. אין די רייד פון דער תורה און די נביאים, בכדי אויסצוווייזען דעם אמת פון זייערע געדאַנקען, און דעריבער זענען די פירושים זייערע אין אמת'ן ניט קיין פירושים אויף דער תורה, נאָר ספרים אויף צו לערנען זיך דורך זיי פילוסופיה. ר' אברהם אבן עזרא מאַכט חוזק פון די מפרשים, אויף איינעם פון זיי זאָגט ער: „צוויי ספרים האָט ער שוין געמאַכט פון בראשית ביז ויקרא און האָט נאָך ניט געענדיגט די רייד זיינע".

אויך זענען געווען אַזעלכע מפרשים, — די קאַראַאימען — וועלכע האָבען מיט גאָר ניט געוואָלט נאָכגעהן די תלמודיסטען, ווען זיי, די תלמודיסטען האָבען מפרש געווען די תורה און דער שכל האָט מסכים געווען מיט זיי. און יעדער פון זיי — פון די קאַראַאימען — האָט זיך אויסגעקליבען אַ אַנדער וועג און האָט פערדרעהט דעם געדאַנק, אַבי נור אַנדערש צו זאָגען, ווי די יודישע חכמים.

אפילו רש"י, דער גרויסער מפרש אין אמת'ן, קען אויך ניט צופריעדען שטעלען נאָך אַלע פאָדערונגען פון דעם אמת'ן גאַנג. ער האָט צו פיעל זיך נאָכגעגעבען נאָך די אגדות און מדרשים פון די חז"ל, ווי ער האָט אַליין מודה געווען אויפ'ן סוף פון זיינע יאָהרען, לויט דעם עדות פון זיין איינקיל דעם רשב"ם.

די אגדות און מדרשים פאַר זיך זענען זעהר גוט און זיי האַלטען אין זיך הויכע און געהויבענע געדאַנקען, נאָר זיי קענען נאָך ניט מפרש זיין דעם תנ״ך. דער פּראָסטער פּשט איז זיי אָפּט ניט סובל. און אין אמת׳ן האָבען די חז״ל גאָר ניט געמיינט מפרש זיין דעם תנ״ך אויף אַזאַ אופן. זיי האָבען נור איינגעוויקעלט די געדאַנקען, וועלכע זענען פאַר זיך אמת, אָדער ניצליך, אין די רייד פון דער תורה.

און ער, ר׳ אברהם אבן עזרא, האָט זיך אויסגעקליבען גאָר אַ אַנדער וועג.

און אין אמת׳ן איז ער, ר׳ אברהם אבן עזרא, מיט זיין גרויסער ידיעה אין דער העבּרעאישער שפּראַך און אין דעם דקדוק פון דער שפּראַך, מיט זיין גרויס בקיאות אין אַנדערע וויסענשאַפטען, מיט זיין ליכטיגען שכל אַזוי ווי בעשאַפען געוואָרען אויף אַזאַ אַרבייט.

---

## ג.

ר׳ אברהם אבן עזרא האָט געמאַכט זיין פּירוש, אַז ער איז שוין אַלט געוועזען 64 יאָהר. פריהער מיט איינער צייט איז ער שלאַף געוועזען, האָט ער דאַמאלס אַנדערע געטהון מחבר צו זיין אַ פּירוש אויפ׳ן תנ״ך. און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט איהם געמאַכט אין דעם טיעפען עלטער, בעמערקט זיך ניט אין זיין פּירוש קיין סימן פון אַלטקייט און שוואַכקייט. ער איז דורכאויס אָנגעזאָפּט מיט געזונדע געדאַנקען, עס איז אין גאַנצען אַ לויטערע און פרישע אַרבייט. די שפּראַך איז פריש און לעבעדיג, לויפענדיג און ריהרעוודיג.

די ליעבשאַפט זיינע צו ווערטלען זיך און סאַטירע בעמערקט זיך אין דעם פּירוש אויך. אָפט מאָל דריקט ער זיך אויס מיט אַ שפּיציל, מיט אַ רעטעניש. למשל, אַז ער דאַרף זאָגען אין איין אָרט, אַז דער שורש פון וואָרט געפינט זיך ניט נאָך אַ מאָל אין תנ״ך, דריקט ער זיך אויס סאַטיריש, נאָך דעם לשון פונ׳ם פּסוק, און זאָגט אויף איהם, אַז ער איז אַ „יושב בדד״. אויך פיעל סודות זענען דאָ ביי איהם, וועלכע ער האָט ניט אַרויסגעזאָגט אין גאַנצען.

אין דעם פּירוש זיינעם פיהרט ער אָפּט אַ שטאַרקע מלחמה מיט די קאַראַימען וועגען זייערע פּירושים, וועלכע זענען אַנטקעגען די קבלה פון די חז״ל. מיט שאַרפע טענות פרעגט ער זיי אָב און שטאַרקט די מיינונגען פון חז״ל. אויך מיט קלוגע, שאַרפע און קורצע ווערטליך לאַכט ער זיך אויס פון זיי און מאַכט זיי צו נאַרען.

נאָר אַזוי ווי ער האָט מלחמה געהאַלטען פאַר די מיינונגען פון די חז״ל, אַזוי האָט ער נאָך מעהר מלחמה געהאַלטען פאַר זיינע אייגענע מיינונגען. ווען דער שכל זיינער האָט בעשלאָסען עפּיס אַ געדאַנק, האָט ער קיין מורא ניט געהאַט פאַר קיינעם און האָט אויפגעבונדען אַלע קייטעליך, וועלכע בינדען איהם צו צו די געדאַנקען פון אַנדערע, און האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָס ער האָט געטראַכט. נאָר אָפטמאָל האָט ער ניט אַרויסגעזאָגט שאַרף, אָפען, נאָר פערשטעלט. ער האָט איינגעוויקעלט די געדאַנקען זיינע אין סודות און אין רמזים.

ער איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט צו זאָגען, אַז אין דער תורה זענען דאָ פּסוקים, וואָס ניט משה רבינו האָט געשריבען, נאָר וואָס

זענען צוגעשריבען געוואָרען אין א שפּעטערדיגער צייט. דורך זיין גרויסע ידיעה אין דער שפּראַך איז ער געקומען צו דעם געדאַנק, אז דער ספר איוב מוז זיין א איבערזעטצונג פון א אַנדער שפּראַך, און אז די קאַפּיטליך אין ישעיהו פון מ׳ ביז דעם סוף זענען געשריבען פון א אַנדער נביא; ס׳זענען געווען צוויי ישעיהו׳ס, און דער אַנדערער האָט געלעבט אין דער צייט פון גלות בבל.

און ר׳ אברהם אבן עזרא האט אַרויסגעזאָגט זיינע מיינונגען און האט גאר קיין מורא ניט געהאַט, מען זאל איהם ניט רעכענען פאַר איין אַפּיקורוס.

ר׳ אברהם אבן עזרא׳ס פּירוש איז בעליעבט ביי אַלע יודען. ער רעכענט זיך פאַר אַאריסטאקראַטישען פּירוש, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדרוקען. אפילו דער פרומער קלאַס יודען איז עוסק אין איהם. אַלע גרויסע יודישע חכמים האָבען פיעל כבוד גע־געבען ר׳ אברהם אבן עזרא׳ן און איהם שטאַרק הויך געהאַלטען פאַר דעם פּירוש זיינעם.

דער רמב״ם האט געשריבען זיין זוהן ר׳ אברהם׳ן, אַז ער זאל ניט קיין שום פּירוש לערנען, נאר דעם אבן עזרא׳ס. דער אבן עזרא — זאָגט דער רמב״ם — איז געווען אַזוי גרויס ווי אברהם אבינו.

---

### ד.

ר׳ אברהם אבן עזרא איז געווען אַ גרויסער פילוסוף. ער איז געווען אַ בער־ריהמטער מאַטעמאַטיקער און א אסטראנאם. אויך האט ער געקענט פיעל שפּראַך. בעזאָנדערס איז געווען גרויס זיין ידיעה אין דקדוק פון דער העברעאישער שפּראַך. ער האט געמאכט אַפּאָר ביכער אין דעם ענין און האט איבערגעזעצט דעם ר״י אבן חיוג׳ס אַ ספר איבער דקדוק.

אין פילוסופיה און אין אמונה האט ר׳ אברהם אבן עזרא געהאַט זיין אייגענעם דרך און האָט זיך געהאַלטען אין אַ סך ענינים גאר פריי. פונדעסטוועגען האָט עס איהם ניט אָבגעהאַלטען פון צו גלויבען אין דער חכמה פון די שטערנזעהר, אַז דעם מענשען׳ס מזל הענגט אָב פון די שטערען אין הימעל. און האט עוסק געווען גאַנץ ערנסט אין דער חכמה, אויך אין דער חכמה פון די צאָהלען, און האט געשריבען ספרים איבער זיי.

ער, ר׳ אברהם אבן עזרא, מיט זיין קריטישען מח און ליכטיגען שכל האט זיך געהאַלטען אָן אַזעלכע נאַרישקייטען, וועלכע עס האָבען געלערנט די דאמאלדיגע שטערנזעהער, ווען אַנדערע יודישע חכמים, וואָס זענען געווען אַ סך קלענער אין פילוסופיה און אין אַנדערע חכמות און זענען ניט געווען בעשיינקט מיט אַזא שאַרפען מח, האָבען שוין זיך לאַנג אָבגעזאָגט פון די נאַרישקייטען. בכלל איז ר׳ אברהם אבן עזרא געווען פול מיט סתירות. אָט האט ער אַליין אַרויסגעזאָגט פרייע געדאַנקען אין זיין פּירוש און באַלד פאַלט ער אָן אויף אַנדערע פאַר זייערע פרייע געדאַנקען; אָט נעהמט ער אַליין אַװעק פון קבלת אבות און באַלד שרייט ער געוואַלד אויף אייניגע חכמים און איז זיי חושד אין אַפּיקורסות; אָט פיהרט ער אַ שרעקליכע מלחמה מיט די קאַראימען און אָט דריקט ער זיך אַזוי אויס, גלייך ווי ער איז נוטה צו זיי.

פּיעל זענען געווען ר׳ אברהם אבן עזרא׳ס ידיעות אין אַלע חכמות. דאָך האט ער קיין גאַנצע זאַך ניט געשריבען און האט ניט געבראַכט צו קיין שיטה; אין זיינע אַרבייטען פּעהלט אויך דער נויטהיגער סדר. דערצו זענען דאָ פּיעל סבות, כסדר איז ער געווען נע־ונד און האט געליטען פּיעל צרות. נאָר די אמת׳ע סבה איז: דער מח זיינער האט צו לויפענדיג געאַרבעט, און ער האָט זיך ניט געקענט זאַמען לאַנג אַלעס צו בעטראַכטען און די געדאַנקען אריינצופיהרען אין אַ סיסטעם.

---

ה.

ר׳ אברהם אבן עזרא איז געווען נע־ונד שטענדיג. ער האָט געפּיהלט אַ שטאַרק ליעבשאַפט צו וואַנדערען. „אַזוי ווי דער פּויגעל — זאָגט ר׳ אברהם אבן עזרא אויף איין אָרט — וואָגעלט פון איין אָרט אויף דעם אנדערען זוכען זיך זיין שפייזונג, אַזוי דאַרף אַ מענש וואַנדערען פון איין אָרט אויף דעם אנדערען זוכען וואס צו עסען און ניט זיצען אויף איין אָרט״. נאָך אין איין אָרט זאָגט ער: „אַלעס וואָס איז בעשאַפען ריהרט זיך, אַפילו די נשמה״. ר׳ אברהם אבן עזרא איז געווען אין אַ סך לענדער און האָט זיך צוגעקוקט צום לעבען פון אַ סך פעלקער און אין זיינע נסיעות האָט ער תמיד זיך גע־סטאַרעט צו פערגרעסערען זיינע ידיעות. „דער מענש — זאָגט ר׳ אברהם אבן עזרא — איז מעהר ניט בעשאַפען געוואָרען נאָר אויף לערנען חכמה, און די אוינגען זענען מעהר ניט בעשאַפען געוואָרען נאר אויף שלאָפען אַ קליינע צייט און נאָכדעם אויף צו קוקען אין ספרי מוסר״.

ר׳ אברהם אבן עזרא איז געווען אַ עני ואביון כל ימיו. איינער אַ יודישער חכם זאָגט עדות אויף איהם, אַז „ער האט קיין מאָל קיין צוויי פּרוטות ניט געהאַט אויף זיין לעבען״. דאָך איז ער געווען כסדר פרעהליך, האָט געזונגען ליעדליך און האט זיך בענוגענט שטענדיג דערמיט, וואס ער האט ניט געהאַט. „דער מענש זאָגט ר׳ אברהם אבן עזרא — איז ניט געבראַכט געוואָרען אויף דער וועלט, ער זאָל זיך תענוגים זוכען״. ר׳ אברהם אבן עזרא האָט געפּיהלט אַ פיינדשאַפט צו רייכע מענשען. „אַ איש עשיר — זאָגט ער — איז מסתמא אַ רשע״.

אין אַ סך לענדער און שטעדט איז ער אויסגעווען, אין די מזרח לענדער און די מערב לענדער. ער איז געווען אין רוים און אין לאָנדאָן, אין מצרים און אין אינדיען, — ס׳איז דאָ אַ סברא, אַז מ׳האָט איהם אַהין פערקויפט פאַר אַ קנעכט — און פיעל איז איהם אויסגעקומען איבערצוטראָגען צרות.

אַ סך חכמים פלעגען איהם צונעהמען מיט גרויס כבוד, און ס׳האָבען זיך גע־פונען נדיבים, וועלכע האָבען איהם מיטגעהאָלפען. ער פלעגט זיך איבערשרייבען מיט ר׳ יהודה־הלוי׳ן און מיט דעם רבנו תם, וועלכער האָט איהם פיעל כבוד אָבגעגעבען און נאָך מיט אַ סך חכמים. נאָר אויך מיט פיעל חכמים פלעגט ער זיך קריגען און פלעגט מחבר זיין אויף זיי שפּאָט־ליעדליך.

אין אַ סך ערטער, וואו ער פלעגט קומען, פלעגט ער ליידען הונגער, דאס רוב אין אַזוינע ערטער, וועלכע זענען געשטאַנען נידריג אין דעם מצב פון השכלה, ווייל

דאָרט האָבען זיך ניט געפֿונען אַזוינע, וואָס זאָלען קענען שעטצען ר׳ אברהם אבן עזרא׳ן און שטיצען. דאָך פֿלעגט ער ניט וועלען זיצען אויף איין אָרט און פֿלעגט אַוועקוואַרפֿען די גוטע פֿריינד זיינע און זייער הילף און וואַנדערען איבער וועלדער און אין פֿעלדער. אפילו פאר זיין טויט איז ער אויך ניט געזעסען אויף איין אָרט.

---

אַלעס און יעדערער איז געווען ביי ר׳ אברהם אבן עזרא׳ן מאַטעריאַל צו שרייבען, צו ווערטלען זיך און הוזק מאַכען. צי מ׳האָט איהם געזעצט ניט פון אויבען אָן, צי מ׳האָט פֿערגעסען געבען איהם אַ שטיקיל פֿיש. ווען ער איז געזעסען אויף אַ סעודה, צי מ׳האָט איהם ניט אויפֿגענומען, ווי עס בעדאַרף צו זיין, צו ער האָט זיך געקריגט מיט אַ רב, אָדער גאָר אַז ס׳האָט זיך צוריסען ביי איהם דער האַלאַט,— האָט ער אויף דעם אַלעס געשריבען ליעדליך, אין וועלכע ס׳געפֿינט זיך אַ שאַרפֿע בייסענדיגע סאטירע. און ווען ער האָט שוין ניט געהאַט פון וועמען און פון וואָס צו שפעטען און הוזק מאַכען, האָט ער פון זיך אַליין הוזק געמאַכט.

„ווען—זאָגט ער — איך זאָל האַנדלען מיט ליכט. וואָלט קיין מאָל די זון ניט אונטערגעגאַנגען; ווען איך זאָל האַנדלען מיט תכריכים וואָלט קיינמאָל קיינער ניט געשטאָרבען“. —

אויך פֿאַר דעם טויט דינעם האָט ער ניט אויפֿגעהערט צו ווערטלען זיך.

איידער ער איז געשטאָרבען האָט ער אויף זיך געזאָגט: „וְאַבְרָהָם בֶּן חָמֵשׁ וְשִׁבְעִים שָׁנָה בְּצֵאתוֹ מֵחָרוֹן — מֵחֲרוֹן אַף הָעוֹלָם.“

ש. צ. זעצער.

# די געשווינדיגקייט פון ליכט.

יעדע ליכטיגקייט דערזעהן מיר פון גאַנץ ווייט. מיר דערזעהן זי אָבער ניט גליך, ווי זי ענטשטעהט. עס געדויערט תמיד אַ געוויסע צייט, ביז די ליכטיגקייט קומט צו צו אונז. ווען מיר פרעגען, ווי געשווינד לויפט די ליכטיגקייט, מיינען מיר דערמיט צו פרעגען, מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט עס לויפען די שטראַהלען, די שליחים פון דער ליכטיגקייט. די וויסענשאַפט גיט אונז דארויף אַ קלאָרע תשובה; זי זאָגט אונז, אַז אַ שטראַהל לויפט דורך אין אַ סעקונדע 40 טויזענד מייל.

פון וואַנען וויים מען דאָס אָבער? ווער האָט דען אויסגעמאָסטען די געשווינ־דיגקייט פון די שטראַהלען?

קודם כל מוזען מיר זיך אָבער קלאָר מאַכען, וואָס הייסט זעהען און ווי אַזוי זעהען מיר אין דער ווייטענס?

מען זאָגט געוועהנליך, אַז אונזער אויג קען וואַרפען אַ בליק גאַנץ ווייט און מען מיינט, אַז דאָס אויג האָט אין זיך אַ משונה׳דיגע קראַפט, צו דערגרייכען פער־שידענע זאַכען, וואָס ליגען ווייט פון איהם, אום זיי דאָרט אין דערווייטענס צו זעהען.

דאָס איז אָבער אַ טעות. אונזער אויג האָט אין זיך קיין שום קראַפט ניט, וואָס ווירקט אין דרויסען, אויסער איהם אליין. דאָס אויג נעהמט נור צו דעם איינ־דרוק, וואָס מאַכען אויף איהם ליכטשטראַהלען, וועלכע בעלויכטעטע זאַכען שפּרייטען אַרויס פון זיך איבער אַלע זייטען. עס איז ניט די קראַפט פון אויג, ניט די קראַפט פון קוק, וועלכע שטייגט אַרויף אין דער הויך ביז די שטערען אין הימעל, כדי זיי צו זעהן, נאָר פערקעהרט, די שטערן פון דער הויך שיקען פונאַנדער די שטראַהלען פון זייער ליכט. גאַנץ גלייך, צי מיר עפענען די אויגען, די שטראַהלען אין זיך אויפצו־נעהמען, אָדער צי מיר האַלטען אונזערע אויגען פערמאַכט. די שטראַהלען, וואָס געהען זיך תמיד פונאַנדער נאָך אַלע זייטען, געהען פערלאָרען, ד. ה. זיי בלייבען ניט גע־זעהן, ווען אַ אָפענעס אויג נעהמט זיי אין זיך ניט אריין. נור דאַן, ווען די שטראַה־לען דערגרייכען אונזער אויג, דאַן ערשט זעהען מיר. און דאַן ערשט דערוויסען מיר זיך הויך זיי פון די זאַכען, וועלכע עס ליגען אויסער אונז. דאָס אריינקומען פון שטראַהלען אין אויג מאַכט אונז זעהענדיג אַלע זאַכען, וואָס לויכטען דורך זייער איי־גענעם ליכט, אָדער דורך דאָס ליכט, וואָס זיי קריגען פון אנדערשוואו. אָבער ניט מיר קומען מיט דעם אויג צו די זאַכען, און ניט די זאַכען קומען אַריין אין אונזער אויג. דאָס זעהען ווערט אַרויסגערופען דורך די ליכטיגקייט, וואָס שטראַהלט אַרויס פון די אויסענדיגע זאַכען, און וועלכע מיר נעהמען אויף מיט אונזער אויג.

ווען מיר וויסען שוין איצט, אז אונזער אויג שטייגט ניט אַרויף אין דער הויך, נאָר אַז עס מוז קריגען אַ ווירקונג פון דער ליכטיגקייט, וואָס דרינגט צו איהם אַריין, קענען מיר דורכדעם פערשטעהן, ווי אַזוי מיר קענען גלייך דערזעהן שטערען, ווי מיר עפענען נור די פערמאַכטע אויגען. וואָלט עס געווען אַ בעזונדער כח פון אונזער אויג, וואָס געהט פון איהם אַרויס צו די זאַכען אין דער ווייטענס, וואָלט עס געדאַרפט געדויערן אַ געוויסע צייט, ביז די קראַפט פון אונזער אויג וואָלט געקאָנט דערגרייכען די ווייטע שטערען אין הימעל. דאָס איז דאָך אָבער ניט אַזוי. ווי מיר עפענען די אויגען, קענען מיר גלייך דערזעהען דעם אויסגעשטערנטען הימעל. דאָס ווייזט אונז, אַז די ליכטשטראַהלען זענען שוין דאָ אַרום אונז, און מיר דאַרפען נור עפענען די אויגען, זיי זאָלען קענען גלייך אין זיי אַריינקומען.

ווען דאָס, וואָס מיר זעהען, זענען ניט די זאַכען אַליין, נאָר זייערע שליחים, ד. ה. די ליכטשטראַהלען, וועלכע זיי שיקען פון זיך אַרויס, קען מען זיך דעריבער גאַנץ גרינג פאָרשטעלען, אַז מיר זעהען אַזוינע זאַכען, וועלכע זענען שוין אפשר גאָר ניטאָ אויף דער וועלט. ווען מיר זעהען למשל אַ בליץ, וואָס ענטשטעהט און פערגעהט פיעל מיילען פון אונז, זעהען מיר איהם אויך נור דורך די שטראַהלען, וועלכע געהען אַרויס אויף אַלע זייטען אויס דעם אָרט פון דעם בליץ, און וועלכע געהען אַריין אין אונזער אויג. די ליכטשטראַהלען דאַרפען אָבער האָבען אַ געוויסע צייט, ביז זיי לויפען דורך אַ שטרעקע פון פיעל מייל, און ווען זיי קומען צו אונז, קען גאָר געמאָלט זיין, אַז בעת מיר זעהען דעם בליץ, איז ער שוין נאָר בעת מעשה פערלאָשען געוואָרען.

דאָסזעלבע איז אָבער ניט מיט דעם בליץ אַליין, נאָר מיט אַלע אַנדערע זאַכען, וועלכע ליגען זעהר ווייט פון אונז. און אַ סך זאַכען זעהען מיר דעריבער ניט אַזוי ווי זיי זענען איצט, נאָר אַזוי ווי זיי זענען פריהער געווען.

אַ בליץ, קען זיין, עקזיסטירט שוין ניט מעהר, בעת מיר זעהען איהם. די וואָלקענס אויפ'ן הימעל זעהען מיר אין די ערטער און אונטער דער געשטאַלט, אין וועלכע זיי זענען אפשר מעהר ניט פאַראַן, בעת מיר זעהען זיי. די זון, וועלכע מיר זעהען אין הימעל, שטעהט שוין אין דער רגע, וואָס מיר זעהען זי, גאָר אויף אַיין אַנדער אָרט. ווייל איהרע שטראַהלען, וואָס זענען אַריין אין אונזער אויג, זענען פון איהר אַרויס ערשט מיט 8 מינוטען און 18 סעקונדען פריהער, דען אַזוי לאַנג געדויערט, ביז אַ שטראַהל פון דער זון קומט צו צו דער ערד. די שטערען, וואָס ליגען נאָך ווייטער פון אונז, ווי די זון, קען זיין, זענען שוין פערלאָשען געוואָרען, בעת מיר זעהען נאָך זיי בלישצענדיג אויף דעם הימעל.

אַז די הימעלפאָסט איז זעהר אַ גיכע, דאָס פערשטעהט זיך. די וויסענשאַפט זאָגט אונז, אַז די הימעלפאָסט געהט מיט דער געשווינדיגקייט פון 40 טויזענד מייל אַ סעקונדע.

פון וואַנען וויסען מיר דאָס? ווי אַזוי איז מען דאָס דערגאַנגען?

כדי דאָס צו דערקלערען, מוזען מיר מאַכען אַ קליינעס שפאַציער אין אַסטראָנאָמיע. אין דעם גרויסען שטח פון דער וועלט זענען דאָ אַ סך אַזוינע וועלטקערפער.

ווי די זון, די לבנה און די ערד. דער אויסגעפינטעלטער הימעל פון שטערען טראָגט מיליאָנען ליכטיגע זונען; אונז דוכטען זיי זיך אָבער נור ווי קליינינקע פינטעליך נור דערפאר, ווייל זיי זענען זעהר ווייט פון אונז. און דאָס ווייסען מיר דאָך, אַז וואָס ווייטער א זאַך איז פון אונז, דוכט זי זיך אונז אלץ קלענער.

א חוץ די זונען זענען דאָ אויך פיעל אזוינע קערפער, ווי די ערד אָדער די לבנה. די לבנה לייכט אונז ביי נאכט. אָבער די לבנה האָט ניט קיין אייגענע ליכטיגקייט. זי לייכט נור דערפאר, וואָס זי שטראהלט אָב פון זיך די ליכטיגקייט פון דער זון. ביי טאָג, ווען אונזער ערד איז בעלויכטעט פון דער זון, שטראהלט זי אויך אָב פון זיך די פרעמדע ליכטיגקייט און זי לייכט ביי טאָג אין דעם גרויסען שטח פון דער וועלט, ווי א שענע און העלע לבנה. אזוינע וועלטקערפער, וואָס האָבען ניט קיין אייגענע ליכטיגקייט, הייסען מזלות אָדער פלאַנעטען. איינעם פון די דאָזיגע פלאַנעטען האָבען די אסטראָנאָמען א נאָמען געגעבען יופיטער. יופיטער ליגט ווייטער פון דער זון, ווי אונזער ערד. דער מהלך פון דער ערד ביז דער זון איז אנ׳ערך פון 20 מיליאָן מייל, און יופיטער ליגט פון דער זון אויף א מהלך פון 103 מיליאָן מייל. דער פלאַנעט יופיטער דרעהט זיך, אויך אזוי ווי אונזער ערד, אין א ראָד ארום דער זון, דעריבער קומט עס, אז א מאָל איז יופיטער נעהנטער צו דער ערד און א מאָל ווייטער. א מאָל שטעהט ער צו דער ערד מיט 20 מיליאָן מייל נעהנטער ווי צו דער זון און אַ מאָל שטעהט ער בנוגע צו איהר מיט 20 מיליאָן מייל ווייטער ווי צו דער זון. יופיטער האָט ארום זיך 4 קליינע לבנות, וועלכע דרעהען זיך ארום איהם, אזוי ווי אונזער לבנה דרעהט זיך ארום דער ערד. יופיטער מיט זיינע לבנות קען מען זעהען אפילו דורך א גאַנץ געוועהנליכען שפאקטיוו. ווען איינע פון די לבנות קומט אריין אין שאָטען פון דעם פלאַנעט יופיטער, דאן ווערט זי פון אונז ניט געזעהען. זי איז פערדונקעלט פון שאָטען. די לבנות דרעהען זיך ארום יופיטער זעהר גיך, און אין משך פון א יאָהר זעהען מיר פיעל מאָל דאָס פערדונקעלן פון יופיטערס לבנות. די אסטראָנאָמען האָבען אויסגערעכענט און אויסגעשריבען אין טאבליצעס אויף פיעל יאָהרען פאָראויס דעם לקוי אָדער די פערפינסטערונג פון יופיטערס לבנות מינוט אין מינוט אזוי ריכטיג, ווי מען רעכענט אויס דעם לקוי אָדער די פערדונקעלונג פון אונזער לבנה.

מיר האָבען אויבען געזאָגט, אז דער פלאַנעט יופיטער שטעהט א מאָל אויף 20 מיליאָן מייל נעהנטער צו דער ערד, ווי צו דער זון, און א מאָל שטעהט ער פון דער ערד אויף 20 מיליאָן מייל ווייטער, ווי פון דער זון. ווען עס קומט אויס דער ערד צו שטעהן אקוראט אין מיטען צווישען דער זון און יופיטער, איז דער יופיטער איהר אם נאָהנטסטען; איבער א האלב יאָהר ארום, ווען די ערד האָט אָבגעמאכט א העלפט פון איהר וועג ארום דער זון, שטעהט זי גראָד פון דער אנדער זייט זון און זי שטעהט דאן פון יופיטער אויף 40 מיליאָן מייל ווייטער, ווי מיט א האלב יאָהר צוריק. נון שטעלט זיך אָבער דאמאלס ארויס, אז די פשוט׳ע בערעכנונגען פון די פערפינסטערונגען אויפ׳ן יופיטער שטימען ניט מעהר. ווען יופיטער איז אם נאָהענטסטען צו דער ערד, טרעטען אריין די פערפינסטערונגען אויף יופיטערס לבנות מיט 8

מינוטען צו פֿריה. איז יופיטער אם ווייטעסטען פֿון דער ערד, קומט אריין די פֿערפֿינסטערונג מיט 8 מינוטען שפּעטער, ווי די מיטלערע בערעכענטע צייט.

דאָס האָט מען שוין געזעהן הונדערטער מאָל און די סבה דערפֿון איז גאנץ ריכטיג דערקלערט געוואָרען. עס איז קלאָר, אז ווען אונזער ערד איז צו יופיטער אויף 20 מיליאָן מייל נעהנטער. פֿערשפּאַרט די ליכטיגקייט דורכצולויפֿען איבריגע 20 מיליאָן מייל. געפֿינט זיך אָבער די ערד איבער א האלב יאָהר ארום אויף 40 מיליאָן מייל ווייטער פֿון יופיטער, קענען מיר דערזעהן די פֿערענדערונג אין דער לבנה ערשט דאַן, ווען די ליכטיגקייט לויפֿט דורך די דאָזיגע שטרעקע פֿון 40 מיליאָן. דערפֿון איז קלאָר, אז די ליכטינקייט לויפֿט דורך 20 מיליאָן מייל אין 8 מינוטען, אָדער דאָס מאַכט אויס 40 טויזענד מייל אין א סעקונדע.

די דאָזיגע גאונישע ענטדעקונג האָט געמאַכט דער דענישער אַסטראָנאָם אָלאוז רעמער אין יאָהר 1676. זיין השערה וואָס ער האָט געמאַכט בנוגע צו יופיטער, אז די פֿערפֿינסטערונגען פֿון די לבנות פֿערשפּעטיגען, ווען מיר זענען פֿון יופיטער ווייטער, וויל די שטראהלען דאַרפֿען האָבען מעהר צייט דורכצוגעהן א ווייטערע שטרעקע, איז דערנאָך נאָך מעהר בעקרעפֿטיגט געוואָרען, אז עס זענען ענטדעקט געוואָרען די לבנית, וואָס זענען אַרום דעם נאָך ווייטערען פּלאַנעט סאַטורן. די פֿערפֿינסטערונגען פֿון די לבנית ביים סאַטורן האָבען ווידער ארויסגעשטעלט פֿערשפּעטיגען אין יענער צייט, ווען די ערד דערווייטערט זיך פֿון איהם. און אויך ביים סאַטורן איז ארויסגעקומען דערזעלבער השבון פֿין דער געשווינדיגקייט פֿון די ליכטשטראהלען ווי ביים יופיטער. צו דער השערה זענען דערנאָך געפֿינען געוואָרען אלין מעהר נייע ראיות, וועלכע האָבען בעוויזען מיט דערזעלבער זיכערהייט, אז די געשווינדיגקייט פֿון ליכט איז 40 טויזענד מייל אין א סעקונדע.

דורך די דאָזיגע ענטדעקונג איז מען געקומען צו פֿיעל אינטערעסאנטע ידיעות. ביז די ליכטיגקייט פֿון דער זון דערגרייכט די ערד, געדויערט 8 מינוטען און 18 סעקונדען, ד. ה. ווען די זון ווערט פֿערשוואונדען פֿאַר אונזער אויג, זעהען מיר זי נאָך 8 מינוטען און 18 סעקונדען, און ווען זי הויבט אָן צו לייכטען, זעהען מיר זי ניט גלייך, נאָר אויף דיזעלבע צייט שפּעטער. די נאָהענטסטע שטערען זענען אַזוי ווייט פֿון אונז, אז זייער ליכטיגקייט דערגרייכט די ערד ערשט אין 3 יאָהר. אנדערע שטערען זענען אזוי ווייט פֿון דער ערד, אז עס געדויערט טויזענדער יאָהרען, ביז זייער ליכטיגקייט קומט צו צו דער ערד. דערפֿאַר זעהען מיר דעם אויסגעשטערנטען הימעל ניט ווי ער איז איצט, נאָר ווי ער איז אמאָל געווען. איז איצט די צאָהל פֿון ד שטערען גרעסער אָדער קלענער געוואָרען, איז די לאגע פֿון די שטערען א אנדערע געוואָרען,—דאָס אלץ וועלען זיך דערוויסען נור קומענדיגע דורות מיט א צייט שפּעטער.

X.

# דער יודישער גענעראל.

(ערצעהלונג).

---

I.

אין דער געוועהנליכער צייט, ווען דאס רעדיל פון יודישען לעבען האט זיך געדרעהט כמנהגו: אזוי ווי דער שטייגער איז,— האט מען פון משה־פנחס׳ן גאר ניט געהערט, ווייל קיינער האט פון איהם ניט גערעדט. משה־פנחס איז ניט געווען פון די מענשען, וואס קריכען אויף די גלייכע ווענד, שפרינגען פון דער הויט ארויס, אבי די שטאדט זאל וויסען און פיהלען, אז „זיי" זענען „זיי". ער איז געווען א שטילער, פשוט עהרליכער יוד, אהן שום חכמות, און אין קיין שום קהל׳ישע זאכען האט ער זיך ניט געוואלט מישען.

משה־פנחס איז א שמוקלער געוועזען, ער איז ניט געווען קיין פשוט׳ער בעל־מלאכה, ער האט כמעט א פאבריקאנט געהייסען: היבשע עטליכע ארבייטער, טהייל ביי איהם אין דער גרויסער שטוב און א טהייל ביי זיך אין דער היים. האבען שטענדיג פאר איהם פון שטיק געארבעט, און די סחורה פלעגט זיך פעריקויפען אויף דער גאנ־צער סביבה דורך משה־פנחס׳עס אייגענער קראם. מיט דער קראם פלעגט זיך זיין ווייב אבגעבען, ווייל ער, האטש דאס געשעפט האט איהם געקאנט געבען פרנסה בכבוד, האט טאג ווי נאכט, ווי א פשוט׳ער בעל־מלאכה, אליין געארבעט.

— א יוד — פלעגט משה־פנחס דרינגען — מוז שטענדיג ארבייטען. ניט צור ליעב תענוגים ווערט דער יוד געבארען אויף גאט׳ס וועלט. א גוי לעבט, בכדי ער זאל גוט עסען, פיעל טרינקען און צוליעב נאך אנדערע תאוות, און א יוד, להבדיל, עסט, טרינקט און שלאפט, בכדי צו לעבען, צו ארבייטען און בכדי ער זאל קאנען מפרנס ומגדל זיין זיינע קינדער לתורה, לחופה ולמעשים טובים.

שען און שטיל האט זיך משה־פנחס מיט זיין הויז־געזינד געלעבט כל זמן דאס יודישע לעבען איז געגאנגען און האט זיך געצויגען, אזוי ווי דער שטייגער איז.

קוים האט זיך אבער אין לעבען פון די קאמעניפקער, קכצניפקער אדער אבר־יוניפקער יודען עפיס בעזונדערס געטראפען, ווי, למשל, א שרפה, א גרויס געוויסער. אדער א מין קראנקהייט איז צו גאסט געקומען, — דאמאלס איז אונזער משה פנחס איבערגעביטען געווארען: שוין גאר ניט דאס פנים, דאס קול, דער מענש, שוין גאר ניט אונזער שטילער און פשוט׳ער משה־פנחס!

א גבור, איין אמת׳ער גבור איז פלוצים אויסגעוואקסען פון משה־פנחס׳ן און די יודישע וועלט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, האט זיך איהם געמוזט אונטערגעבען!

II.

מעהרטהייל פלעגט זיך משה פנחס אויסצייכנען ביי א שרפה. ווער ס׳האט ניט געזעהן משה פנחס׳ן ביי א גרויסער שרפה,— האט נאך קיינמאל אין זיין לעבען קיין גרויס, שענס און וואונדערליכס ניט געזעהן. קבצניפקע, אביוניפקע און א גרויסער טהייל פון קאמעניפקע זענען פון אייביגע יאהרען בעשטאנען פון קליינע איינס געבען אנ־דערען געבויעטע הילצערנע הייזליך מיט שטרויענע דעכליך. די קלענסטע סבה, א פיצעלקעלע פונקעלע האט אין די שטיבליך שוין בעקימען די שטארקסטע קראפט צו צוגעבען דעם גרעסטען שטאף דאס שרעקליכסטע גיהנם־פייער. דאס גאנצע אומגליק פון די גרויסע שרפות האט זיך נאך גענומען פון ר׳ ליב־שרה׳ס ברכה: קיינמאל האבען די קבצניפקער, אביוניפקער און קאמעניפקער יודען ניט געוואלט און ניט געקאנט פערגעסען, אז דער גרויסער צדיק, ווען ער איז געוועזען אין זייער סביבה, האט זיי געבענשט, אז דאס גרעסטע פייער זאל ביי זיי מעהר פון איין דירה ניט פער־ברענען, און זיי האבען אין דעם ערנסט געגלויבט און געבויעט זייערע הייזליך כמעט אונטער איין דאך. האטש מיט זייערע אייגענע אויגען האבען זיי אליין געזעהן, אז ס׳געהט כמעט איין יאהר ניט אוועק, די שרפות זאלען פון זיי ניט ארויסשיקען אין דער גרויסער יודישער וועלט צעהנער משפחות נש־פים־בעטלער...

ווי אזוי משה־פנחס איז שטענדיג געוועזען איינער פון די ערשטע ביי יעדער שרפה אפילו אין קבצניפקע און אביוניפקע, ווען ער אליין האט גאר איינגעטליך אין קאמעניפקע געוואהנט, דאס האט קיינער ניט געוואוסט. ווייל ווער האט דען אמאל דערפון געקלערט? יעדער האט גלאט פערשטאנען, אז דאס בעדארף, מוז אזוי זיין, ווייל ס׳איז אזוי און ניט אנדערש.

דער גאנצער עולם: מענער, ווייבער און קינדער לויפען און פליהען ארום אהין און אהער. זייערע קולות, געוויין און יללות בורען דעם קאפ. פערקלעמען דאס האר׳ץ, נאר קיינער טהוט ניט, וואס מ׳בעדארף, אט ווייזט זיך אבער משה־פנחס, און אלעס אין איין מינוט ווערט איבערגעביטען, גלייך ווי ער וואלט אין די אלע איבערגעשראָ־קענע, ווילדע ברואים א נייע נשמה אריינגעבלאזען. אין איין רגע ווערען כלים ב ע־שאפען, מ׳טראגט וואסער, מ׳צורייסט ברענענדיגע דעכער, אלעס וואס נור מעגליך, ווערט ארויסגעראטעוועט. ארויסגעטראגען פון די ברענענדיגע שטיבליך און די מלחמה מיט׳ן גיהנם־פייער פיהרט זיך קונצליך אין אלע פרטים...

דער רויך איז געדיכט און שטיקענד, דאס פייער פלאקערט און קנאקט. דער טויט מיט זיינע טויפע אין שאַרפע אַרימס שוועבט אַרום איבער די מענשענס קעפ און זוכט אַ קרבן, און ער, אונזער משה־פנחס, שען, ווי א מלאך, הויך און שטארק, שטעהט אין דער מיט, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען דא. ער ארבייט פאר צעהן,

פֿאַר הונדערט, פֿאַר אַלע. זיין ריין, שאַרף און שטאַרק קול הערט זיך פֿון די שרעק־ליכסטע ערטער. ער בעפֿעהלט און אַלע, אַלעס מוזען זיך איהם אונטערגעבען...

נאָך איינער פֿון די גרויסע שרפֿות, ווען משה־פנחס האָט גאר שלא כדרך אפילו זיין טבע אַרויסגעריסען פֿון שרעקליכסטען פֿייער פֿייגעלע מיקס בן־יהודי'ל, האָט אין דער מלחמה פֿערלאָרען זיינע האָר פֿון קאָפּ, באָרד און פאות, איז אָבגעליגען היבשע עטליכע וואָכען טוידט קראַנק, — האָט איהם די קבצניפּקער וועלט געקריינט מיט'ן טיטול: „דער יודישער גענעראַל".

III.

צווישען אַלע שרעקליכע מעשיות וועגען גזלנים, מלחמות, רוצחים, כישוף־מאַכער'ס, בלבולים אויף יודען, וואונדערליכע מופֿתים פֿון אַמאָליגע גוטער־יודען, ווילדע צדיקים, רויטע יודיליך וכדומה — פֿערנעהמען אַ גרויס פּלאַץ אין יודישען מח און האַרץ די לעגענדעס איבער דער חאָלערא. ווינטער, אויף דער נאַכט, נאָכ'ן דאַווענען, ווען דער פֿראָסט איז גרויס, דער ווינד רוישט, פּייפֿט און וויקעלט אין די קליינע יוד'שע הייזליך אין ריינע, שנעע, שפּאַנעלנייע, ווייסע תכריכים, — איז דער גרעסטער, בעסטער תענוג צונויפֿקלייבען זיך אונטער דער הייסער הרובע און דערצעהלען, הערען גרויס, שרעקליכס און וואונדערליכס. די געבליטען פֿריהרען אין פּחד, דאָס האַרץ ציטערט, די פֿיס ווערען קאַלט, אַזוי ווי אָבגענומען, די פּנים'ער ווערען בלייך און דאָך ליגט עפּיס אין דעם אַ מין תענוג רוחני, וואָס עס ציהט צו צו זיך מיט אייזערנע קייטען דאָס יודישע האַרץ, און מ'האָט דערפֿון משונה ווילד הנאה...

איך בין נאָך דעמאָלט אַ קינד געוועזען, דאָך געדענק איך עס, ווי היינט, מיט וואָס פֿאַר אַ מין פּחד און פֿרייד, פֿערגעניגען און שרעק איך פֿלעג זיך פֿער'גנב'נען אונטער'ן טיש אָדער באַנק, וואו אונזער קבצניפּקער יודיש וועלטיל פֿלעגט זיך צו־נויפֿנעהמען און דערצעהלען די דאָזיגע שרעקליכע מעשיות...

נאָר ניט נור ווינטער, אפילו זומער, ווען אַלעס אין דער נאַטור זינגט, שפּיעלט און לעבט, זוכט אויך דער יוד אויס אַ שטיקיל צייט, ער זאָל זיך אָברייסען פֿון זיין עולם הגשמיות, וועלכער איז פֿאַר איהם אָנגעפֿולט מיט געדיכטע, שוואַרצע וואָלקענס און, דורך פֿערשיידענע, שרעקליכע געשיכטעס, צולאָזט ער זיינע פֿליגלען אין פֿער־פֿליהט העט־העט, ווייט אין עולם הדמיון...

איך געדענק עס, ווי איצט, ס'איז געוועזען אַ זומער־טאָג, שבת נאָך מנחה, דער גאַנצער שבת איז עפּיס געוועזען אַ פֿערשטערטער. מ'האָט עפּיס שטילערהייט וועגען עפּיס אַ וויכטיגען ענין גערעדט בסוד, נור געשמאַק, וואָס, ווער, ווען? דאָס האָט קיינער בעשטימט ניט געוואוסט. פֿון די קליינע רעדליך יודען און יונגעלייט האָבען זיך אַרויסגעריסען האַלבע, אָבגעשניטענע ווערטער: „— נחמן־איסר איז אַליין גע־וועזען אויפֿ'ן יריד.... „— אין קיפּין... 20 יודען... דרייסיג ווייבער... 50 קליינע קינדער..."

נאָך אין דער פֿריה נאָכ'ן דאַווענען האָט מען אָוועקגעשיקט אַ שליח מיוחד קיין קאַמעניפּקע, ער זאָל אַראָבברענגען נחמן־איסר'ן, דער לעצטער איז ווירקליך באַלד נאָך מנחה אָנגעקומען.

דער גאַנצער עולם איז געבליבען אין שול, וואו זיי האָבען אין איינעם גע־פּראַוועט די דריטע שבת'דיגע סעודה. וועגען עסען, האָטש דער טאָג איז געווען גרויס, האָט קיינער אפילו ניט געטראַכט. מ'האָט זיך נור געוואַשען, א מוציא געמאַכט אויף יוצא זיין און שוין.

איך בין געלעגען פערשטופּט אונטער א לאַנגער באַנק, האָב געציטערט, ווי אַ פיש, און האָב זיך מיט אַ שרעקליך האַרצקלאַפּעניש צוגעהערט און געשלונגען יעדעס וואָרט פון דער פּחדים'דיגער געשיכטע:

— „מ'טוואָך — האָט נחמן־איסר דערצעהלט מיט א ציטערדיגער שטימע — בין איך געווען אין סמאָטריטש אויפ'ן יריד... איך האָב אַליין מיט מ'ין איינען מויל גערעדט מיט שמואל־פּיווישען, איציק־הירש'ס איידעם פון גרעדינג... איהר קענט שמואל־פּיווישען?... ער וועט קיין ליגען ניט זאָגען... אַ זיידענער יונגערמאַן... ער אַליין האָט די מעשה געהערט פון א פרומען בערשידען יודען... דער יוד האָט בפירוש געזאָגט, אַז איהם אַליין האָט די געשיכטע דערצעהלט דעם שמש'ס פּעטער... די שרעקליכע מעשה האָט זיך געטראָפען אין קיפּין... דער שמש פון דער קיפּינער זינקיווער שול וואָהנט אונטער'ן באַרג וואָס געפינט זיך מחוץ לעיר... פאַר־אַכט־טאָגען שבת פאַר־טאָג איז דער שמש אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען וועקען זיינע בעלי־הבתים אין שול אַריין... ווי ער איז נור די שוועל פון זיין שטיבעל איבערגע־טרעטען, האָט ער דערהערט אַ שרעקליך געשריי און געוויין... — „געוואַלד, יודען, ראַטעוועט!...“ מעשה שטן. בעדאַרף זיך דאָס טרעפען מיט'ן שמש, וועלכער איז כל ימיו אַ יונגסטער און אַ נושא־מיטה. און גאָר ניט קיין בעל־פּחד... דאָס קול האָט זיך געצויגען פון גראַבען, נעבען קליינעם „פערשאָלטענעס“ בריקיל... מילא לויפט ער אַהין... איין אַלטע, אַבגעריסענע, אָבגעשליסענע יודענע זיצט אין רינטשקעלע און שרייט, און וויינט... די לבנה האָט זיך אַרויסגערוקט פון אונטער'ן באַרג, און ער האָט זי דערזעהן, פונקט, ווי איך זעה אייך... דאָס פּנים איז געל, אַלט און איינגעקאָרטשעט, ווי איין אַלט שטיק פּאַרמיט... גרויסע שאַרפּע ציינער שטעקען אַרויס פון איהר שרעק־ליך גרויסען מויל און די אויגען בלעשטשען אין שיסען, ווי צוויי פייערינע פּיילען... ער זעהט, ווי זי שטאַרקט זיך, ראַנגעלט זיך אויפצוהויבען, נאָר דער גרויסער, שווערער זאַק, וואָס איז ביי איהר צוגעבונדען אויף די פּלייצעס, לאָזט זי ניט, און זי פאַלט צוריק...

— „ווער זענט איהר, באַבוניו, און ווי קומט איהר פּלוצים אַהער שבת־ביי־נאַכט?“...

— „העלף מיר נור, איך זאָל זיך קאָנען אויפהויבען,— וועל איך דיר שוין אַלעס דערצעהלען...“ פאָרט אַ יודיש קינד: פערשטעהט זיך, אַז ס'האָט איהם אָנ־געהאַפּט ביים האַרץ, און ער איז צוגעגאַנגען... מעהר האָט „זי“ ניט בעדאַרפט... אַבי ער האָט זי נור אָנגעריהרט, — האָט זי זיך איהם באַלד אַרויפגעחאַפּט אויף די פּלייצעס... ער האָט זי שוין געמוזט טראָגען מיט איהר גרויסען און שווערען זאַק, וואוהין זי האָט געוואָלט... מיט איהרע לאַנגע, שאַרפּע נעגיל האָט זי זיך פערשעפּעט אין זיין האַלז און מיט איהרע לאַנגע פּיס האָט זי איהם געטריבען גלייך אין שטעדטיל אַריין...

אויפ'ן מאַרק־פּלאַץ איז דער שמש שוין כמעט א טויטער אַנידערגעפֿאַלען, און זי... מיט אַ שרעקליך געלעכטער איז זי אַראָבגעשפּרונגען פֿון איהם, געעפֿענט איהר זאַק און אָנגעהויבען שיטעןביינער אין אַלע פֿיער זייטען פֿון שטעדטיל... אין דער אייגענער נאַכט זענען שוין געשטאָרבען פֿון דער האָלערא צוויי יודען, דריי ווייבער מיט פֿינף קינדער..."

---

IV.

קיים האָט זיך „דער יודישער גענעראַל" דערוואוסט, אַז די האָלערא איז שוין ניט ווייט פֿון זיין וועלטיל— האָט ער באַלד צולאָזט זיין „חדר", ד. ה. ער האָט אָבגעשטעלט די אַרבייט אין זיין פֿאַבריקיל, פֿערגעסען אין זיך (ווער עסען, וואָס מיר טרינקען!), אין זיין אייגען ווייב און קינדער (זיין הויזגעזינד האָט ער איבערגעפֿיהרט אין די צוויי קליינע חדרים'ליך, וואָס האָבען זיך ביי זיין קראָם געפֿונען) און איז געוואָרען איין אמת'ער פֿאָטער און זאָרגער פֿון דער יודישער וועלט.

— רבותי! — האָט געקלונגען, פּשוט געדונערט זיין שטאַרק, הויך קול אויף די אַסיפֿות. וועלכע ער האָט מיט געוואַלד און כח צונויפֿגעשלעפּט — דער שונא איז שוין ביי אונזערע טויערען, און איהר שווייגט?! יודישע גבירים, אייערע בייטעליך עפֿענט! רחמנים בני רחמנים, ניט קיין נדבה בעט איך ביי אייך, נור רחמנות אויף זיך אַליין, אייגענע ווייב און קינדער, פֿאָטער און מוטער, שוועסטער און ברידער! פֿערגעסט ניט, אַז קיים לאָזט איהר שוין דעם שונא אין שטאָדט אריין, וועט ער שוין ניט מבחין זיין צווישען יונג און אַלט, רייך און אָרים! ברידערליך, היט אייך די ביינער! לאָז יעדער פֿון אונז געבען ווי פֿיעל, וואָס און מיט וואָס ער קאָן! געלד איז גוט, הפצים, עסען־וואַרג, געטראַנקען — איז אויך ניט שלעכט און געזונדטע הענד, גיכע פֿיס און קלוגע קעפּ — איז נאָך בעסער. דער עיקר, פֿערגעסט ניט, אַז אויף זאַטע און פֿרעהליכע האָט אפילו „זי" קיין שליטה ניט...

משה־פּנחס האָט געזאַמעלט אַסיפֿות, געהאַלטען פֿייערדיגע רעדעס. ער האָט געבעטען, געבייזערט זיך, געשריען, געוויינט, און דער יודישער עולם האָט איהם גע־הערט, ווי דעם פֿאַריאָהריגען שניי...

גאַנץ פּשוט: דער יוד לעבט מיט אמונה, מיט בטחון, און כל זמן דער חלף ליגט איהם נאָך ניט אויפ'ן האַלז —, גלויבט ער און האָפֿט, אַז ניט איהם מיינט מען...

---

טאָג ווי נאַכט איז נעבּיך „דער יודישער גענעראַל" אַרומגעלאָפֿען און געוועקט די יודישע הערצער, נאָר ס'האָט איהם אָבער גאָר ניט געהאָלפֿען...

— „צדקה תציל ממות! צדקה תציל ממות!"...

— „ער האָט בעדאַרפֿט דורכגעהן די בריק, וואָס נעבען די מיהלען, און פּלוצים — בקדך!... א שוואַרץ, הויך מין בעשעפֿעניש איז פֿון וואַסער אַרויסגע־שפּרונגען, האָט אַ שרעקליכען לאַך געטהון, א פּליעסקע מיט די לאַבעס און איז אונטער די „ליטאַקעס" צוריק נעלם געוואָרען... כמעט א טויטען האָט מען איהם שוין אַ היים געבראַכט..."

— „צדקה תציל ממות !...“

— „ס'איז ר' פּיטיל שוחט... איהר האט ניט געהערט די מעשה ?... נעכּטען אויף דער נאַכט שטעהט ער אַזוי ביי זיך אין קאַמער און שחט אַ הוהן... ער גיט איין שניט,--פון הוהן איז אַ קאַטשקע געוואָרען... ער גיט דעם צווייטען שניט... ס'איז גאָר אַ שוואַרצער גונער מיט ווייטע הערנער... ער שטאַרקט זיך אין וויל געבען דעם דריטען שניט... ס'איז מענדיל סטאַראָסטע... דער געשטאַרבענער מענדיל סטאַראָסטע... אָהן דער הויט, אָהן פליייש, אין די הוילע ביינער... ער האָט זיך צוקרעהט, ווי אַ האָהן, געפּלעסקעט מיט די נאַקעטע, ביינערדיגע הענד און איז פערשוואונדען געוואָרען... „זי“ האט איהם באַלד אַ האַפּ געטהון אין... ברוך דיין אמת !...“

---

## V.

—„אַזוי, איז שוין די „סיהר'טע“ אין שטאָדט ? בורר !...“

דאַמאלט („אַז מ'שעהרט די שאָף,—ציטערען די צאַפּעס“...) האָבען שוין אַלע יודען, אין דעם כּלל אפילו די יודישע גבירים, וואָס האָבען ניר ליעב צו נעהמען, אָנגעהויבען ברייט־ב־ייט אויפשנירעווען זייערע בייטעליך...

דאַמאלט איז שוין משה־פּנחס איין אמת'ער „גענעראַל“ געוואָרען, אפילו זיין דירה מיט די גרויסע חדרים האָבען גאָר איין אַנדער מין צורה בעקומען.

דאָס גרעסטע חדר, וואו די שמיקלעריי פלעגט געאַרבעט ווערען, האָט איצט גיכער דערמאָנט אַ בית המדרש (צוויי לאַנגע טישען מיט עטליכע בענק זענען אין מיט'ן שטוב געשטאַנען), איין אַפּטעק (אַ שאַפּקעלע מיט גלעזערנע טהירליך איז אויסגעשטעלט געוואָרען מיט גרויסע און קליינע פלעשליך פון אַלע פאַרבען, מיט ביינקעליך, פודעליך וכדומה), אָדער גאָר אַ ווייגשענק (אַ פּאָר שאַפּעס זענען אָנגעפולט געוואָרען מיט פלעשער וויין, בראָנפּען, קאָניאַק א. ז. וו.), אָדער אַ פאַבריק. פונ'ם עסצימער איז אַ שפּיטאָל געוואָרען. אַרום די ווענד שטעהען בעטליך, טישליך, ליידיגע פלעשער, ליידיגע ביינקעליך אויף הייס וואַסער און נאָך פערשיעדענע זאַכען אין כּלים, ווי גרויסע הילצערנע ביטליך וכדומה.

דאָס מין שפּיטאָל איז צוגעגרייט געוואָרען פאַר אַזעלכע אומגליקליכע קראַנקע, וועלכע האָבען אפילו אין דער קבצניפקער וועלט קיין אייגען ווינקעל ניט און פאַר די, וואָס די שלאַפקייט קען אין מיטען גאַס אָנהאַפּען...

די איבריגע חדרים זענען געוועזען פערפולט מיט זעק מעהל, קאַרטאָפלעס, גראַפּען, פאַסאָלעס, פעקליך צוקער, טהיי וכדומה.

די דאָזיגע מינים עסענוואַרג פלעגען צוויי מאָל אין דער וואָך געטהיילט ווערען די נעזונטע אָרימע לייט פון קאַמעניפקע, קבצניפקע, אביוניפקע און דער יודישער גענעראַל פלעגט זיי דאַמאלס נאָכשרייען:

— קינדערליך ! עסט, טרינקט געזונטערהייט און זייט פרעהליך ! פערגעסט ניט, ברידערליך, אַז אויף זאַטע און פרעהליכע האָט אפילו „זי“ קיין שליטה ניט; געדענקט זשע ! קינדער, טאָמער הי'ז עפּיס וואָס,—זאָלט איהר אונז באַלד צו וויסען געבען !

די גרויסע קיך האָט גאָר איין אַנדער פנים בעקומען: דער איבערגעאַרבעטעטער אויווען, אין וועלכען מ'האָט א גרויסען קופּערנעם קעסיל איינגעמויערט, האָט טאָג, ווי נאַכט געברענט, ווי דער גיהנם, — געזאָטען וואסער און געקאָכט יויכליך פאַר אָרימע קראנקע, צוויי געדונגענע ווייבער האָבען אין איהר שטענדיג געאַרבעט.

אפילו דער בוידעם, ר' משה־פנחס'עס שטילער בוידעם, איז אויך אין גאַנצען איבערגעביטען געוואָרען: גרויסע שטייגען מיט עופות האָבען איהם אָנגעפּולט, גאַנצע טעג פלעגען די עופות אלע אין איינעם, אויף פערשידענע קולות און שפּראַכען שרייען, דערצעהלען זייערע קורצע און לאנגע געשיכטעס...

---

VI.

בשעת חאָלערא האָט דעם גענעראל'ס דירה א נייעם נאָמען בעקומען: מ'האָט די גערופען: „דער קאָמיטעט“.

אין קאָמיטעט פלעגט זיך שטענדיג געפינען דעם גענעראלס חיל, וועלכער איז בעשטאנען פון ר' הערשעלע הסיד, דעם גענעראלס „רעכטע האנד“, דריי רופאים, וועלכע האָבען וואָכענגעלד בעקומען, ר' משה־פנחס'עס ארבייטער און פון די פאַרשוינען, וואָס דער קאָמיטעט האָט מציל געווען פון דער חאָלערא'ס שאַרפע ציהן און גרויסע נעגיל.

אין קאָמיטעט איז שטענדיג געווען לעבעדיג, אי ביי טאָג, אי ביי נאַכט. די מונטערע קולות, וואָס האָבען זיך פון איהם געהערט, האָבען געקוויקט, געוואַרעמט די איבערגעשראָקענע הערצער פון די יודישע איינוואָהנער. יעדער האָט געזעהן, אז אין יודישען גענעראל מיט זיין קאָמיטעט ליגט א שטארקע קראפט, א וואַרעמער טרייסט און אמת'ע הילף, — און האט זיך וועניגער צוגעהערט צו די שרעקליכע מעשיות און פוסטע חלומות פון די אלטע ווייבער.

ווי דער ליכטטורעם אין דער פינסטערער נאַכט, ווען דער ים רעש'ט און שטורעמט, ווייזט אן די שיפען זייער ריכטיגען וועג און פיהרט זיי ארויס פון אלע סכנות און צרות, אזוי פלעגט דער קאָמיטעט, וועלכער האט זיך געפונען אין דריטען שטאָק פון איצי ר' איסר'ס דירה, געלויכטען גאַנצע נעכט, און די ליכטיגקייט, זינגערייי אין טאַנצעריי פונ'ם גענעראל'ס סוויטע האָבען געפיהרט און אנגעוויזען אלע נויטבעדערפטיגע, וואוהין זיי קאָנען זיך קעהרען נאָך הילף, און וואו זיי וועלען געוויס אין יעדער צייט געפינען הייסע, יודישע הערצער, געזונדטע הענד און גיכע פיס, פאַרטיג צו לויפען נאָכ'ן ערשטען רוף.

און דער יודישער גענעראל, זיין סוויטע מיט'ן קאָמיטעט זענען טאַקע באמת געוועזען אין דער שרעקליכער צייט די איינציגע טרייסט און האָפנונג.

קוים האט זיך משה־פנחס דערוואוסט, אז די חאָלערא האט זיך ערגיץ אין א יודישער שטוב אריינגעכאפּט, איז ער באלד, אין איין כעס, פול מיט רציחה, מיט אלע נוצליכע כלים, מיט א רופא און עטליכע פון זיין חברה־לייט, אוהן אוועקגעלאָפען.

—און איהר — פלעגט משה־פנחס, אריינקומענדיג צום חולה אין שטוב טענה׳ן און ווערטלען זיך — האט זיך שוין טאקע באמת דערשראקען פאר „איהר״? פע, פע, שעמט אייך!... איהר זענט דאך עפ׳ס א טאטע פון קינדער, א מאן פון א ווייב!... ווערט ביי זיך ניט געפאלען, און הערט „זי״, ווי דעם פאריאהריגען שניי!... געדענקט־זשע! ניר זיך ניט געשראקען!... א יוד בעדארף ניט, טאר זיך פאר קיין שום זאך ניט שרעקען!... אנו, קינדערליך, אנו, גבורי ישראל, לאָמיר זיך נור א נעם טהון צו „איהר״!... אזוי, אזוי, וויזט איהר, דער „כלב׳טע״, וועד עלטער איז!... חא, חא, הא! א יוד וואס שפייזט א ווייב מיט קינדערליך, א יוד, וועלכעד טראגט איבער אפילו אזא שווערען און ביטערען גלות,זאל זיך שרעקען פאר אזא נאריש קראנקהייט׳ אבער גאר לא!... גבורי ישראל, אט אזוי און טאקע ווייטער און ווידער אזוי!... לעבעדיגער, פרעהליכער!... זעהט איהר שוין אליין, אז די גאנצע געשיכטע איז ניט מעהר, ווי א פוסטער חלום?... איצט זענט איהר שוין ריין, ווי א צדיק... דער קראמפ ציהט נאך אביסעל?... עט, נארישקייטען! דאס ביטול וועט שוין אלעס פערריכטען... פאר היים וואסער בעדארף׳ן זיך ניט שרעקען... אבי איהר פיהלט די היץ, זענט איהר שוין א מאלאדעץ!... ווער איז געעכט?... ווי מיר האבען אין גאט, איין תורה און איין קמח, או 99 פראצענט זענט איהר שוין אונזערער!... א, איהר זענט מ׳עדה, אבגעמאטערט, איהר ווילט שלאפען? אט, אט, טאקע דאס און נור דאס האט דער פסוק געמיינט!... דאנקען גאט! דער בעסטער סימן!... איצט א ביסינקעלע חמר־מרת און שלאפט געזונדערהייט!...

אז די „כלב׳טע״ האט זיך אין איין ציט געוויזען אין עטליכע יודישע הייזער, — פלעגט דער גענעראל זיין גאנ׳ץ חיל צוטהיילען אויף גלייכע חלקים, ניך מיט אלע נוצליכע כלים זיי אלע צושיקט, וואוהין מ׳האט בעדארפט, און ער אליין מיט זיין אדיוטאנט, ר׳ הערשעלע חסיד, פלעגען דאמאלט ארומלויפען צווישען די אלע ערטער אין האבען געוויזען, געלערנט זייערע חברה־לייט, ווי אזוי זיי זאלען ארבייטען און אויפ־פיה׳ען זיך ביי די קראנקע.

צו קליינע קינדער, ווען מ׳האט גערופען, פלעגט ער קיינעם, חוץ זיך, ר׳ הערשעלע חסיד און מינדיע די באבען (עטליכע ווייבער האבען זיך אייך געפונען אין גענעראל׳ס חיל) ניט צולאזען:

—די עופ׳עליך, די טייבעליך טשעפעט ניט! צו איין איידעלע מאטעריע זענען זיי פאר אייערע הענד...

און מ׳האט שוין דוקא געמעגט זעהן, מיט וואס פאר א מין ליעבע, אמונה און רחמנות זיי האבען געקוקט אויף די יונגע עופ׳עליך בשעת זיי האבען זיך אזוי ערנעסט געפארעט ארום זייערע קראנקע און פערמוטשעטע אברים׳ליך!...

## VII.

אזוי האט זיך דער „יודישער גענעראל״ נעראנגעלט היבשע עטליכע וואכען און א פייערדיגע מלחמה געפיהרט מיט זיין נייעם בלוטיגען שונא, די האלערא.

אפט, זעהר אפט פלעגט ער זי מנצה זיין: א גוזמא וועניגער מענשען זענען ביי אונז געפאלען פון „איהרע" שרעקליכע נעגיל און שארפע צייהן, ווי אין די אנדערע, ניט ווייטע פון אונז מקומות.

אונזער יודישער עולם האט שוין אפילו אנגעהויבען גלויבען, אז די האלערא ציטערט פאר משה־פנחס'עס אטהעם און וועט זיך שיין צו אונז גאר ניט ווייזען מעהר.

די לעצטע צייט, כמעט צוויי גאנצע חדשים, האט „זי" זיך שוין טאקע ניט געלאזט הערען אין אונזערע מקומות. נאר... פלוצים די האלערא האט זיך ווידער אומגעקעהרט...

שטיל, גאר אומגערעכט, אין מיטען דער־נאכט איז זי פלוצים, ווי א פעלד־גזלן מיט איינמאל אנגעפאלען אויף קאמעניפקע, קבצניפקע, אביוניפקע און ביז אין דער־פריה האט זי שוין א תל־עולם געמאכט פון דריי יודישע משפחות...

אזוי ווי אויף להכעיס, האט די האלערא דאס מאל זיך אויסגעקליבען די בעסטע צייט: ס'איז געווען נאך סוכות און ס'האט זיך אנגעהויבען איין הונגער־יאהר...

די בלאטע איז שוין געווען איבער'ן גארטיל, און דער רעגען האט נאך אלץ אזוי פלייסיג, ערנסט געגאסען, גלייך עמיצער האט זיך מיט איהם בעדונגען אין צו־געזאגט צאהלען פאר יעדען טראפען...

די קעלט איז געווען עסעריג און איז געקראכען טיעף־טיעף אין די ביינער...

צום אומגליק, איז נאך דאמאלט משה־פנחס אין קאמעניפקע ניט געווען, און ניט דער קאמיטעט, ניט דער יודישער גענעראל מיט זיין איבערגעבעבענעם היל זענען ניט געווען צוגעגרייט צו דעם אומגליקליכען בעגעגעניש...

ווען משה־פנחס האט זיך פון דעם אומגליק דערוואוסט, און איז גיך אהיים געקומען, האט שוין די האלערא געהאט פעסט־פעסט ארומגענומען מיט איהרע שרעקליכע ארימס קאמעניפקע, קבצניפקע און אביוניפקע...

דער יודישער גענעראל האט דוקא יא, האטש מיט די גרעסטע שוועריגקייטען, צונויפגעקליבען א טהייל פון זיין היל און איז מיט זיי טאג ווי נאכט ארומגעלויפען צווישען די קראנקע. נאר ערשטענס, איז שוין איצט קיין צייט ניט געווען (פון פיעל יודישע הייזער האט זיך טאג ווי נאכט געהערט א שרעקליך געשריי און ביטער געוויין) אנידער צושטעלען דעם קאמיטעט אויף זיינע פעסטע פיס, און דער ארימער יודישער עולם האט שטארק געליטען הונגער און קעלט... צווייטענס, די קליינע סוויטע אליין, זעהענדיג, אז מענשען פאלען ווי שטרוי, זענען געווארען אנגעזאפט מיט מורא און פחד, און האבען שוין ווייניג נוצען געבראכט...

און ניכען איז דאס ביסיל היל שוין אויך נעלם געווארען: טהייל פון זיי זענען קראנק געווארען, געשטארבען, און די איבריגע זענען זיך אויך צולאפען און בעהאל־טען פאר'ן גענעראל...

די לעצטע צייט האט מען שוין געזעהן דעם גענעראל אהן זיין גרויסע סוויטע. מיט איהם איז איבערגעליבען נור זיין טרייער אדיוטאנט, וועלכער איז גאנצע טעג און נעכט מיט איהם ארומגעלאפען איבער די הייזער, פון וואנען מען האט געשריען און הילף געבעטען...

# דִי פְרוֹי אִין אֲגָדָה אוּן מִדְרָשׁ.

(געווידמעט מיין קוזינע ה ע ל ע נ ע.)

איינע פון די שטאַרקסטע בעוועגונגען אין דער קולטור־וועלט איז אין דער לעצטער צייט די פרויענפראַגע, זי איז אומעטום גענוג בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „פרויען־עמאנציפאציע" ד. ה. די בעפרייאונג פון דער נידריגער און אבהענגיגער שטעלונג, וועלכע די פרוי פערנעמט בנוגע צום מאַן. די מלחמה פאַר די בעפרייאונג פון דער פרוי ווערט געפיהרט אין פערשידענע ריכטונגען. כדי דער פרוי צו געבען גלייכע חברה'שע און פאָליטישע רעכטע ווי דעם מאַן, מוז אויך ווערען אומגעענדערט דער אופן פון איהר ערציהונג, עס מוזען פאַר איהר געעפענט ווערען אלע פעלדער פון מענשליכער אַרבייט און קולטור. די פרוי – פערלאַנגען די אנהענגער פון דער „עמאנציפאציע" – מוז איין פאַר אלע מאָל אויפהערען צו זיין אַ שפיעלכיל פאַר די מענערוועלט, אויפהערען צו האָבען איהר גאַנצען ווערטה נור אין איהר שען פנים, אין איהרע קליידער און ציהרונג; זי מוז אויפהערען צו זיין אַבהענגיג אין איהר גאַנץ לעבען און מיט איהר גאַנצער חברה'שער שטעלונג און אַכטונג פון דעם צופאַל, וואָס פאַר אַ מאַן זי בעקומט, לויט די גרויס פון נדן, וועלכען זי פערמאָגט; קורץ, זי מוז האבען איהר א י י ג ע נ ע ם ווערטה, איהר א י י ג ע נ ע ם כבוד, איהרע א י י ג ע נ ע רעכטע.

אַודאי וואָלט די פערענדערונג אין דער לאַגע פון דער פרוי געבראַכט מיט זיך אַסך ענדערונגען אויך אין פאַמיליען־לעבען, וועלכעס ווערט אומעטום בעטראַכטעט אַלס דער העכסטער, אידעאלסטער עיקר פון חברה'שען לעבען איבערהויפט, און דעריבער האָט די „פרויען־עמאנציפאציע" אויך נישט וועניג געגנער. זיי בעהויפטען, אַז די נאַטור פון דער פרוי איז פון געבורט אַנדערש ווי די פון מאַן; די פרוי האָט אויך אין פאַמיליענלעבען אנדערע חובות ווי דער מאַן, חובות, וועלכע שיידען זי אָב און שטערען זי אָפטמאָל צו בעטהייליגען זיך אין דעם חברה'שען לעבען. בעת אָבער פון דער געגנערישער זייט בעמיהען זיך פיעלע נאכצוּווייזען, אַז די פרוי איז נישט פעהיג צו עפּיס אנדעריש ווי נור צו געבאָרען און צו נעהרען, העכסטענס צו ערציהען קינדער און די בעל־בתי'שקייט צו פיהרען—בעמיהען זיך די אנהענגער פון דער „פרויענבעפרייאונג" צו בעווייזען, אַז די פרויען האָבען דיזעלבע פעהיגקייטען ווי דער מאַן און אַז זייער כאַראַקטער און טבע זענען אויך מסוגל צו דערגרייכען דורך ערציהונג דאָסזעלבע, וואָס דער פעהיגסטער מאַן. אין דער מלחמה פאַר און געגען האָט מען אפילו נערפרופט בריינגען ראיות פון דער נאַטורוויסענשאַפט; מען האָט געפרופט אַבמעסטען

אין אָבוועגען דעם מוח פֿון פֿרויען און איהם פֿערגלייכען מיט דעם מוח פֿון מאנסבי־לען, כּדי דערפֿון צו שליעסען אויף די גייסטיגע פֿעהיגקייטען פֿון דעם פֿרויענגע־שלעכט.

פּאָליטישע רעכטע האָבען די עמאנציפּירטע פֿרויען נאָך נישט דערגרייכט, און מען איז אויך שטאַרק מסופּק, אויב דאָס גאַנצע ווייטע פּראגראם פֿון דער היינטי־גער פֿרויענפֿראַגע וועט ביז אין אַלע פּונקטען קענען אויסגעפֿיהרט ווערען. נאָר דער־וויל האָט דאָס לעבען אַליין געבראַכט דעם בעסטען בעוויז פֿון דער פֿעהיגקייט און דעם זעלטענען רצון און פֿלייס, וועלכע פֿרויען בעזיטצען צו שטודירען אין אַלע פֿע־כער און וויסענשאַפֿטען. דאָס שטודיום פֿון פֿרויען און מיידליך אויף די מעהרסטע אוניווערזיטעטען אין כמעט אַלע לענדער איז היינט נישט מעהר קיין נייעס. האָט'ש זיי האָבען זיך דאָס צוטרעטען דערצו מיט גרויס מיה ערוואָרבען. ערשט מיט 8 יאָהרען צוריק האָט אַ בעדייטענדער פּראָפֿעסאָר אין וויענער אוניווערזיטעט אָנגעמאַכט אַ רעש געגען דאָס צולאָזען פֿון פֿרויען אין אוניווערזיטעט. „באַשר־האָט ער אין אַ בראָשורע גע'טענה'ט — די פֿרויען זענען בכלל ניט פֿעהיג צו גייסטיגער אַרבייט". א. ד. ג. זיין שטימע איז נישט געהערט געוואָרען, און די וויענער אוניווערזיטעט האָט זייט דאַמאלס שוין אַרויסגעגעבען עטליכע פֿרויען־דאָקטוירים. אין דער שווייץ, רוסלאַנד, ענגלאַנד, פֿראנקרייך און אמעריקא איז דאָס פֿרויענשטודיום שוין לאַנג איינגעפֿיהרט.

דער כאַראַקטער פֿון דער פֿרוי און איהרע גייסטיגע פֿעהיגקייטען ווי זיי זענען איהר געגעבען פֿון דער נאַטור, זענען איינע פֿון די הויפּטפֿראַגען, איבער וועלכע עס שטרייטען די אנהענגער פֿון דער „עמאנציפּאַציע" מיט איהרע געגנער. האָטש דאָס לעבען און די געשיכטע האָבען אין זעהר פֿיעל איינצעלנע פֿעלען בעוויזען, דאָס מאַנכע פֿרוי אין איהר גייסטיגער אַרבייט קען דאָסזעלבע אויפֿטהון ווי דער מאַן, איז דערווייל אָבער זי ווערט דערצו ערצוינגען. איבער דאָס לעצטע ציעל פֿון דער מלחמה — ווי אַזוי דאָס פֿאַמיליענ־לעבען, דאָס שייכות צווישען מאַן און ווייב וועט זיך צוזאַמענבינדען, נאָכדעם ווען אַלע עפֿענטליכע אַרבייטען און שטעלונגען פֿון מאַן וועלען אויך געעפֿענט ווערען דער פֿרוי, ווערט איצט נאָך וועניג גערעדט. העכסטענס געפֿינען מיר אין וויטצבלעטער גלייכווערטליך איבער פֿרויען — דאָקטוירים, בעאַמטע און פּאָליטיקער, וועלכע קומען אַהיים פֿון זייער אַרבייט און בייזערן זיך אויף דעם מאַן, וואָס שפּיעלט אין דער היים מיט דעם קינד און שיילט קאַרטאָפֿלעס, פֿאַר וואָס דער מיטאָג איז נאָך נישט פֿאַרטיג, און שטוב איז נאָך נישט אויפֿגערוימט אד"ג. פֿון ערנסטע שריפֿטשטעלער זענען כמעט נישטאָ צוויי גלייכע מיינונגען איבער דעם כאַראַקטער פֿון דער פֿרוי; איינער לויבט זי און הויבט זי אויף ביז'ן הימעל, דער אנדערער געפֿינט אין איהר אַלעס בייז; נור דאָרט שטימען די מייסטע איבערייך אין זייערע מיינונגען וועגען דער פֿרוי, וואו עס ווערט גערעדט פֿון דעם פֿאַמיליענלעבען און דער וויכטיגער ראָלע, וואָס די פֿרוי שפּיעלט אין איהם.

---

ווען מיר ווילען רעדען פֿון דער „פֿרוי אין אגדה און מדרש" איז לייכט צו פֿער־שטעהען, אַז מיר ווילען נישט בעהאַנדלען די פּאָליטישע און רעכטליכע זייט פֿון דעם

פרויענלעבען אין אונזער אלטער געשיכטע. מיר ווילען אונז נור בעשעפטיגען מיט דעם אגדה'שען טהייל אין אונזער אלטער ליטעראטור, אום צו זעהען, ווי אזוי די תלמודיסטען האבען אין זייערע אגדתות און דרשות געקוקט אויף דעם ווערטה און דעם כאראקטער פון דער פרוי און ווי אזוי זיי האבען אבגעשאצט איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען. דער אגדה'שער טהייל פון תלמוד איז איבערהויפט דער איינציגער זיכערער מקור, אויס וועלכען מיר שעפען די קענטניס פון אונזער אמאליגען לעבען, ער איז דער וויכטיג־סטער טהייל פון אונזער נאציאנאל־ליטעראטור, אין וועלכען עס שפיגעלט זיך אב דאס לעבען פון אונזערע אבות, זייערע דעות און השגות אין אלע פרטים פון לעבען. און אזוי ווי דאס יודישע נאציאנאלע לעבען שפיגעלט זיך אב אם שטארקסטען אין פאמיליענלעבען; און אזוי ווי די פאמיליע איז די שטארקסטע שטיצע פון מאראל און זיטליכקייט, אויף וועלכער אונזער פאלק האט זיך פון איבעריגע צייטען געהאלטען, איז זעלבסטפערשטענדליך. אז דאס מעהרסטע וואס ווערט איבער דער פרוי און איהר כאראקטער אין תלמוד גערעדט, בעציהט זיך אויף איהר פאמיליענלעבען און איהר־שייכות צום מאן, דערביי געפינען זיך אויך פיעל מאמרים, וועלכע שילדערן זעלבסט־שטענדיג דעם כאראקטער און די מדות פון דער פרוי אים אלגעמיינעם און דא ווייזט זיך ארויס אז די מיינונגען פון אונזערע חכמים זענען נאך אויך היינטיגע צייט נישט אזוי אלט, ווי זיי ווערען געהאלטען פון מאנכע, וואס ווייסען פון תלמוד גאר נישט, אדער ווילען נור וויסען דאס — וואס פאסט נישט אריין אין היינטיגען לעבען. אין דעם לעצטען פעהלער איז אריינגעפאלען איינער פון אונזערע גרעסטע דיכטער, יהודה ליב גארדאן, וועלכער שטעלט צוזאמען אין איינעם פון זיינע שענסטע געדיכטע אלע מעגליכע חסרונות פון דער פרוי לויט דער השגה פון תלמוד. לויט וועלכע עס קומט אויס, אז די פרוי שטעהט אויף א פיעל נידעריגערער מדרגה פון דעם מאן, די ליכטיגע זייטען פון יודישען פאמיליענלעבען, וועלכע האבען זייער הויפטקוועלע אין די תלמודישע השגות, האט אונזער בעליעבטער דיכטער צום בעדויערן נישט געזעהען, ער בייזערט זיך, פאר וואס עס שטעהט אין תלמוד אז „ווייבער זענען נור בריות ביי דער ארבייט אין קיך", אז „א טאכטער צו לערנען תורה איז גלייך ווי מען לערנט ז' לעסטערן" אד"ג.

צום גליק געפינען מיר אין תלמוד אויך נאך גאנץ אנדערע מיינונגען, און שלעכטעס איבער די פרוי געפינט זיך אין אנדערע ליטעראטורען — נישט דוקא נור אין אלטע אויס דער צייט פון תלמוד, נאר אויך אין די נייע און אין נאר די נייעסטע פיעל מעהר ווי אין דער תלמודישער ליטעראטור.

נאך היינט הערען מיר פיעל גרויסע געלעהרטע רעדען פון קלענערע גייסטיגע פעהיגקייטען ביי פרויען. דאס דארווינישע סיסטעם, למשל, האלט די פרוי פאר גייסטיג שוואכער, אזוי אויך דער גרעסטער היינטיגער פילאזאף ספענסער. נאך דעם בעוואוסטען פילאזאף קאנט פאסט פאר די טבע פון דער פרוי נור דאס „שענע" נישט דאס גרויסע און הויכע און שאפענהויער געפינט ביי דער פרוי: צו ווייניג שכל און צו פיעל מאראלישע חסרונות". אפילו דער נייעסטער פילאזאף ניעטצשע, פון וועלכען די עמאנציפירטע גייסטרייכע דאמענוועלט האלט אזוי שטאהל און אייזען,

זאגט, אז ווען „אַ פֿרוי איז נוטה מעהר צו גייסטיגער בעשעפֿטיגונג, איז עס אַ סימן אז זי איז קיין אמת'ע פֿרוי ניט“ און ווען „אַ פֿרוי האט די מעלות פֿון אַ מאַן, מוז מען פֿאר איהר אנטלויפֿען!“ *)

דאס זענען מיינונגען פֿון היינטיגע; ביי אלטע פֿעלקער, מיט וועלכע מיר וואלטען איינענטליך בעדארפֿט פֿערגלייכען די תלמודישע מיינונגען איבער די פֿרוי, געפֿינען מיר נאך פֿיעל ערגערע און שטרענגערע מיינונגען.

די גמרא און דער מדרש האבען זיך אויך בעשעפֿטיגט מיט דער פֿראַגע איבער די גייסטיגע פֿעהיגקייט פֿון דער פֿרוי.

גאט, דערצעהלט דער מדרש, האט לאנג לאנג נאכגעקלערט, אויס וועלכען אבר פֿון מאַן ער זאל די פֿרוי בעשאפֿען: „איך וויל זי נישט בעשאפֿען אויס דעם קאָפּ — כדי זי זאל נישט זיין שטאָלץ; נישט אויס דעם אויג — כדי זי זאל נישט קוקען וואו מען דאַרף נישט; נישט אויס דעם אויער — כדי זי זאל נישט זיין נייגעריג אונטערצוהערען; נישט אויס דעם הארץ — כדי זי זאל נישט האבען צו גרויסע תאוות; נישט אויס אַ האַנד — כדי זי זאל נישט אלסדינג ריהרען; נישט אויס אַ פֿוס — כדי זי זאל נישט שטענדיג ארומלויפֿען. איך וויל זי בעשאפֿען אויס אַ ריפּ, וואס איז אין אַ שטיל בעהאלטען אָרט — כדי זי זאל זיין שטיל, בעשיידען און זיטליך...

די אגדתא, אז די פֿרוי איז בעשאפֿען געווארען פֿון אַ ריפּ געפֿינט זיך נישט נור ביי יודען, נאר ווי נאַניק אנדערש האט דיזעלבע ערצעהלונג אַ פנים ביי אנדערע! ביי די דרום־סלאווישע פֿעלקער, למשל, האט גאט אויך געוואָלט בעשאפֿען די פֿרוי אויס אַ ריפּ פֿון אדם הראשון, נאר בשעת ער האָט די ריפּ אויסגעשניטען איז ער געוועז אזוי צומישט, אז ער האט זי אַנידערגעלעגט אין אַ זייט און נישט בעמערקט, ווי אַ הונד האָט זי אַוועקגעהאַפּט און איז מיט איהר אַנטלאָפֿען געוואָרען. גאָט איז דעם הונד נאָכגעלאָפֿען; ער האָט אָבער דאָס שטיק ריפּענפֿלייש ביי איהם נישט מעהר געקאָנט אַרויסרייסען. ער האָט דעם הונד אויסגעריסען אַ שטיקל פֿון ווידעל, און אזוי איז די פֿרוי בעשאַפֿען געוואָרען אויס אַ ווידעל פֿון אַ הונד. דעריבער איז די פֿרוי די גרעסטע צרה פֿון דער וועלט!

לויט דעם מדרש איז די טבע פֿון אַ פֿרוי נישט בעסער און נישט ערגער פֿאר דער טבע פֿון אַ מאַן. זי האָט איהרע מענשליכע חסרונות. גאָט איז ביי דעם בעשאַפֿען די פֿרוי אַזוי פֿאָרזיכטיג געוועזען, — דערצעהלט דער מדרש, — אַז די אלע חסרונות, וועלכע ער האָט געוואָלט פֿערהיטען, זענען נור ביי איינצעלנע פֿרויען פֿאָרגעקומען. נאָך פֿון דעמזעלבען וואָרט „ויבן“ (ער האָט געבויט) פֿון וועלכען עס ווערט גערדונגען, אַז גאָט האָט נאָכגעקלערט („התבונן“). פֿון דעמזעלבען „ויבן“ לערנט דער תלמוד אַרויס, אַז „גאָט האָט דער פֿרוי געגעבען מעהר פֿערשטאַנד („בינה“ יתרה) ווי דעם מאַן“;

*) די צוזאמענשטעלונג פֿון די פֿערשידענע מיינונגען פֿון היינטיגע פֿילאָזאָפֿען וועגען די פֿעהיגקייטען פֿון דער פֿרוי פֿערדאנקען מיר דעם אויסגעצייכענטען בוך פֿון ד״ר נ. ק ל ו ג מ א ן: „Vergleichende Studien zur Stellung der Frau im Alterthum“.

און דאָס איז איהר געקימען על־פי יושר: „דער מאַן געהט אַרום אין גאַס, זעהט פאַר זיך אַ וועלט מיט מענשען, פון וועלכע ער קען אלסדינג לערנען און געוואָהר ווערען; די פרוי אָבער, וואָס זיצט בעשטענדיג אין דער היים און האָט נישט געלעגענהייט צו לערנען, מוז פון געבורט אָן האָבען מעהר שכל, כדי זי זאָל דערנאָך זיין אזוי קלוג ווי דער מאַן".

נאָך דעם תלמוד האָט די פרוי נישט נור חסרונות, נאָר אויך פיעל מעלות וועלכע דער מאַן האָט נישט.

„גרעסער איז די הבטחה, וואָס גאָט האָט מבטיח געווען די פרויען ווי די מענער".

„אין זכות פון די נשים צדקניות זענען די יודען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים".

„פרויען האָבען מעהר רחמנות ווי מאַנסבילען".

„די שענסטע מדה פון דער פרוי איז, וואָס זי איז אַ צנועה, זי רעדט נישט אַרויס איהר ליידענשאַפט, נאָר זי בעהאַלט זי ביי זיך אין האַרצען".

אָבער אויך די חסרונות פון דער פרוי פערלייקענט נישט דער תלמוד. נאָך איהם האָבען די פרויען פאָלגענדע פעהלער:

„זיי האָבען ליעב אַסך צו רעדען" און „צעהן מאָס רייד זענען אַראָבגעקומען אויף דער וועלט, דערפון האָבען זיך פרויען גענומען ניין מאָס און איין מאָס האָבען זיי איבערגעלאָזט דער איבעריגער וועלט".

„די פרויען זענען נאַשערינס".

„די פרויען זענען קאַרג אין פערגינען נישט דעם אורח דאָס עסען" (נאָר דערביי איז שוין אנגעגעבען דער טעם, ווייל די פרויען פערשטעהען זיך בעסער אויף די אורחים).

„די פרויען האָבען ליעבער נארישקייטען ווי פרומקייט".

„די פרויען האָבען זיך ליעב צו קריעגען".

זיי האָבען ליעב „זיך פוצען און ציהרען" און אַ „זעכציגיאהריגע פרוי — זאָגט אַ תלמודיש שפריכוואָרט — לויפט אַזוי צום טאַנץ ווי אַ זעכסיאהריג קינד".

„מעהר ווי דער מאַן — ווייל די פרוי התונה האָבען"; דאָס הייסט אפשר אַז די פרוי האָט מעהר תאוה ווי דער מאַן, נאָר צי איז דאָס אַ חסרון לויט דער מיינונג פון תלמוד, איז ניט זיכער, ווייל דער תלמוד אליין זאָגט דאָך, אַז „וואָס גרעסער און העכער דער מענש איז, אלץ גרעסער איז זיין יצר"!

ענדליך ווערט נאָך פיעל מאָל דעם תלמוד פאָרגעוואָרפען פון אונזערע פרויענ־פריינד, אַז ער האַלט די פרויען פאַר לייכטזיניג. אמת, „נָשִׁים דַעְתָּן קַלּוֹת" שטעהט אין דער גמרא. אָבער די געלעגענהייט, ביי וועלכער דער תנא ר' שמעון האָט דאָס געזאָגט, ווייזט, אַז ער האָט נור מורא געהאָט. אַז די רעמער וועלען זיין שוואַכע פרוי דורך פייניגען און יסורים ברייגגען דערצו, אַז זי זאָל אויסזאָגען, וואו איהר מאַן ליגט בעהאַלטען. דערזעלבער זאַטץ „נשים דעתן קלות" איז געווען דערנאָך אַ סבה צו זעהר אַ טרויריגען פאַקט, וועלכער ווערט דערצעהלט פון ר' מאיר'ן; אָבער ווי מיר וועלען נאָך ווייטער זעהען איז ר' מאיר'ס ווייב אָפשר וועניגער שולדיג געווען דערינען, ווי ר'

מאיר אליין, פערקעהרט, זאָגט דער תלמוד, אז די פרוי האָט אַ פעסטען כאַראַקטער און זי איז נישט אַזוי לייכט איבערצורעדען ווי דעם מאַן.

„די פרוי — הייסט עס — איז בעשאַפען געוואָרען פון אַ ביין און דער מאַן פון שטויב. שטויב ווערט צוּוויקט פון איין טראָפען וואַסער, אַ ביין אָבער ווערט נישט ווייך, ווען ער ליגט אפילו עטליכע טעג אין וואַסער".

בכלל, קען מען זאָגען, אַז נאָך דער תלמוד'ישער מיינונג איז דער כאַראַקטער פון דער פרוי נישט פיעל אַנדערש ווי פון מאַן. אויך איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען געפינען מיר נישט אין תלמוד נידעריגער אבגעשעצט, לכל־הפחות נישט אַזוי נידעריג ווי ביי פערשידענע אַלטע און נייע פעלקער. ביי אַ יודישער פאַמיליע איז, לויט דעם תלמוד, אַ נייגעבוירען מיידיל נישט ווייניגער חשוב געווען ווי אַ יונגיל. אדרבה איין תנא, ר' הסדא, זאָגט בפירוש, אַז ער פרעהט זיך מעהר, ווען איהם ווערט געבוירען אַ מיידיל. בעת אין קאָראַן (די תורה פון מאַהמעדאנער) הייסט עס, אַז אַזוי באַלד אַ מיידיל ווערט ווערט געבוירען, ווערט איהם שוואַרץ דאָס פנים פון טרויער; אַזעלכע מיינונגען געפינען זיך אויך ביי פיעל אַנדערע פעלקער. נישט נור אין די אַלטע מזרח־קולטור לענדער, נאָר אויך ביי גריעכען און רוימער, אפילו ביי די אַלטע דייטשען, ביי וועלכע דער פאָטער פלעגט האָבען דאָס רעכט אַ נייגעבוירען קינד אַרויסצוּוואַרפען, פלעגט דאָס אָממעהרסטען געשעהען מיט די מיידליך. ביי יודען האָט דאָס מיידיל געפונען דיזעלבע ליעבע און דיזעלבע אכטונג און ערציהונג, וואָס די מענליכע קינדער.

אמת, מיר געפינען אויך אין דער גמרא אַזאַ מין דעה: „וואויל איז דעם פאָטער, וואָס האָט יונגליך, און וועה איז צו דעם פאָטער, וואָס האָט מיידליך". נאָר דערמיט איז נור געמיינט, אַז אַ טאַטע פון זיהן האָט ווייניגער דאגות אויף זיין קאָפּ, ווי אַ טאַטע פון טעכטער.

ווען מען רעדט וועגען ערציהונג פון טעכטער, ווייס יעדער צו מאַכען דעם תלמוד אַ פאָרוואורף, ווייל עס שטעהט אין איהם דער בעוואוסטער מאמר: „כל המלמד את בתו תורה (כאילו) מלמדה תפלות. ווער עס לערענט זיין טאָכטער תורה, איז גלייך ער וואלט זי געלערענט פוסטע זאַכען". מען פערגעסט אָבער, אַז טאַקי אויף דעמזעלבען אָרט, געגען דעם מאמר געפינט זיך אַן אַנדערער, וועלכער זאָגט גאַנץ בפירוש, אַז אַ יוד מוז זיין טאָכטער לערנען תורה. דער דאָזיגער זאָטץ, פון בן־עזאי, איז פאַר דער תלמוד'ישער דעה זעהר וויכטיג, ווייל בן־עזאי האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און זיין מיינונג איבער פרויען קען זיין געוויס אונפאַרטייאישער ווי ר' אליעזר'ס, פון וועלכען מיר וויסען, אַז אין זיין פאַמיליענלעבען האָט ער געניג סבות געהאַט צו זיין אַ געגנער פון געלערענטע פרויען.

ר' אליעזר בן הורקנוס, וועלכער הייסט אויך הגדול „דער גרויסער", איז געוועזען איינער פון די שטאַרקסטע און זעלבסשטענדיגסטע כאַראַקטערען, וואָס געפינען זיך צווישען די תנאים. זיין שוואַגער, ר' גמליאל, דער ראש פון די סנהדרין, האָט איהם אַמאָל דערפאַר מחרים געווען, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט אָבזאָגען פון זיין אייגענער דעה. און ווייט דאַמאָלס האָט ר' אליעזר געלעבט אָבגעזונדערט און איז געוועזען

זעהר פערטרויערט אין אונצופרידען מיט אלעמען; פון דאמאלס אן, דערצעהלט די גמרא האט איהם זיין ווייב אימא־שלום, דעם נשיא'ס שוועסטער, שטארק דערקוטשעט. ער האט, דאכט זיך, בכלל נישט געקענט ליידען געלערנטע פרויען, און א פרוי, וועלכע האט זיך מיט איהם אמאל אריינגעלאזט אין א שמועס פון תורה, האט ער קורץ און שארף אבגעענטפערט: „א יודינע'ס הכמה איז נור ביים וועבשטוהל!"

(פארטזעטצונג קומט).

מ. בערקאוויטש.

# ראשהודש.

פֿרענט אפּראווינק־פֿאַנאַטיקער (אידען צי נישט קיין־ייִדען) וואָס איז אַזוינס שגעון? וועט ער אייך ענטפֿערן אויף קלאָר: אַ דבוק, א רוח... משוגע ווערט אַ מענש, ווען ער ווערט בעזעסען פֿון איינעם פֿון יענע לייט, וואָס איז געפֿעהרליך צו דערמאָנען. אשמדאַי אליין צי לילית מאכט זיך אמאָל אַ שפּאַס און קריכט אין אַ מענש אַריין! און ווען מען טהוט ווען, אַז מען שלאָגט אַ משוגענעם, אַז מען בעוואַרפֿט איהם מיט שטיינער, אַז מען פּייניגט איהם? מן הסתם רעם בעל־דבוק! פֿון דעם איז נור איין טריט צו דער מיינונג, אז א „משוגעת" איז א מצוה צו שלאָגען, צו דורס'ען... אַזוי שלאָגט מען אמאָל דעם שגעון ארויס! און אַזוי טהוט טאקי דער גראָבער מארק־עולם, ווי אויך אונזערע ווילד־געבוירענע קינדער, איידער די שוהלע, די ליטעראַטור און דאָס לעבען צווישען מענשליכע מענשען שלייפֿט און פּיילט אָב דאָס ווילדקייט פֿון די יונגע נשמות... אלטע מענשען געדענקען אָבער נאָך די צייט, ווען אַלע האָבען אזוי געמיינט, ווען אַ „הקדש" צי א שפּיטאָל פֿאַר משוגעים איז ערגער געוועזען פֿאַר די ערגסטע טיורמא, שרעקליכער אפשר פֿאַר'ן אמת'ן גיהנם. ווען פּייניגען, שלאָגען, שמירען און בינדען זענען געווען די איינציגע רפואות, וואָס דאָס כמעט היליגע „פֿאַרצייטענס" האָט געהאַט, אויסער השבעות און החרמות, פֿאַר'ן אומגליקליכען קראַנקען. עס זענען שוין אַ־בער אנדערע צייטען. היינט ווייסט מען שוין, אז שגעון איז א קרענק, איין אומגליק, נישט קיין דבוק, נישט קיין רוח; אז אויב מען שלאָגט, טהוט וועה דעם קראַנקען מענש, אויב מען פּייניגט אַ קראַנקען מענש, איז מען ווילד, באַרבאַריש ווילד, און די שפּיטעלער זענען רעפֿאָרמירט געוואָרען, און די אומגליקליכע קראַנקע האָבען אונזער הארץ, אונזער מענש־ליך־רחמנות געוואונען.

פונקט אַזאַ טעות האָט די מענשהייט געהאַט און האָט נאָך קענען אַנדערע אומ־גליקליכע, קענען — פֿערברעכער.

דער אומגעבילדעטער מענש, וואָס זעהט אין דעם גייסטעס־קראַנקען אַ רוח צי אַ דבוק, זעהט אין יעדען פֿערברעכער אַ להכעיס'ניק, אַ „שלעכטע זאַך", אַ מענש, וואָס וויל געררנוויליג יענעמס לייד, וואָס האָט נחת פֿון יענעמס צער, א שלעכטען מענש, אַן וועל־כען מען דאַרף זיך נוקם זיין, וואָס פֿערדיענט, וועניגסטענס, אויף אַלערליי שטראָף! דער

פּרומער וועט נאָך צוגעבען: אַ מציה! דער פּרומער מיט אַ גוט האַרץ; אַ טיבה! — זאָל ער אביסיל אָבקומען אויף דער וועלט!

דער געבילדעטער מענש אבער ווייסט שוין פֿון טעות. ער ווייסט אַז 90% פֿער־ברעכער זענען געוועהנליכע מענשען, שהייל מאָל, אפילו גאַנץ אָפּט, גוטע מענשען, וואָס נור די נויט טרייבט צו דער זינד... זיי זאָגען, אַז אויב די מענשליכע געזעלשאַפֿט נעמט אויף זיך די פּפֿליכט, צו פֿערהיטען דאָס געזונד מיט'ן פֿערמעגען פֿון אירע מיטגלידער געגען דעם פֿערברעכער, איז זי נאָך מעהר מחויב, צו בעוואָרענען אירע מיטגליעדער פֿאַר'ן פֿערברעכען אליין! שוהלען פֿאַר אַלע, ברויט, אַ דאַך איבערן קאָפּ, דאָס ווענינסטע, וואָס אַ לעבענדיגער מענש מוז האָבען, און די טיורמא'ס — זאָגען זיי — וועלען בלייבען לעער, אָדער כמעט לעער! און אויב דער אידעאל אונטערצובריגען דאָס פֿערברעכען אליין, איז פֿאַר אַ וויטערע, שפּעטערע צייט און אונמעגליך פֿאַר היינט; אויב די מענשליכע געזעלשאַפֿט איז דערווייל נישט אימשטאַנד דאָס פֿערברעכען צו פֿער־ניכטען, האָט זי ווענינסטענס נישט דאָס רעכט, דעם פֿערברעכער באַרבאַרישצו בעהאַנד־לען!

זי טאָר זיך נישט נוקם זיין אָן דעם, וועמען זי האָט דאָס לעבען אָהן פֿערברעכען אונמעגליך געמאַכט, אָדער וועמען זי האָט נישט אויסגעלערנט צו אונטערשיידען צווישען „גוט" און „שלעכט"... זי טאָר נישט שטראָפֿען דעם אומגליקליכען פֿערברעכער פֿאַר זיין אייגענע זינד. און אויב זי איז געניייטיגט דעם פֿערברעכער אונשעדליך צו מאַכען, אָבצו־זונדערן, אָבצושליסען און בעשעפֿטיגען מיט אַרבייט, אפילו מיט שווערער אַרבייט, מוז זי עס טהון מיט בארמהערצינקייט — —

— „אראָב די קייטען"! —

אזוי קורץ און שאַרף איז געוועזען דער בעפֿעהל פֿון איטאַלענישען יוסטיץ־מיניסטער!

איטאַלענישע קייטען ווערען פֿערקויפֿט אויף אַלט־אייזען, אויף ברוך! 700 אומגליק־ליכע פֿערברעכער, „בעשטראָפֿט" אויף לעבענסלעננליכע אַרבייט, וועלען אַרבייטען אָהן קייטען!

איטאַליען האָט אין דעם פֿאַך איבערגעשטיגען אַלעמען...

יודען אין איטאַליען איז דאָ זעהר ווענינ, דער טהייל, וואָס יודען האָבען אין פֿער־ברעכען, וואָס ווערען מיט קייטען בעשטראָפֿט איז איבעראַל צו גרינג; עס איז דעריבער קיין יודיש נייעס נישט.

און דאָך דערצעהל איך עס אייך, ערשטענס — פֿאַר וואָס נישט? איהר זייט דאָך מענשען! צווייטענס שטעקט דערינען אביסיל יודישקייט, תורת משה ווייסט נישט פֿון קיין שטראָף אַלס נקמה. מען בעשטראָפֿט „לְמַעַן יִשְׁמְעוּ וְיִרָאוּ, וְלֹא יוֹסִיפוּן"... און: „אַל תָּדוּן אֶת חֲבֵרְךָ עַד שֶׁתַּגִּיעַ לִמְקוֹמוֹ"...

דאָס רעשט נייעס פֿון היינטיגען חדש איז נישט אַזוי פֿרעהליך.

אין בערלין האָט זיך לעצטענס אָבגעשפּילט דער לעצטער אקט פֿון דער קאָניצער טראַגי־קאָמעדיע.

פֿאַר'ן געריכט זענען געשטאַנען אַנטיסעמיטען, וואָס מען האָט בעקלאָגט, אַז זיי האָבען מיטווילינ, מיט שלעכטען געוויסען, געוואָלט מאַכען פֿון אַ געוועהנליכען מאָרד —

א רעליגיעזען מארד; אויפבלאזען א בלבול דם. אין געטייטען ווינטער׳ס נוף איז געווע־זען דאס גאנצע בלוט, אויפ׳ן האלז איז קיין צייכען פון „שחיטה" נישט געווען, און צום סוף האט איין אנטיסעמיטישער דאקטאר געזאגט: אז מען האט איהם געקוילעט, כּרת משה ,וישראל" און אויסגעצאפט דאס בלוט אויף מצות לכבוד פסח! די אנטיסעמיטישע באנדע האט נישט גערוהט און פון טאג צו טאג אויסגעקלערט נייע בלבולים אויף אנדע־רע קאניצער יודען; עס איז כמעט קיין איינציגער קאניצער יוד פון בלבול נישט פריי גע־ווען. די באנדע האט אויפגעבלאזען געגען יודען א פייער׳דיגע שנאה, האט אזוי געווירקט אויפ׳ן געריכט, אז עס איז נעגוג געווען, א קאניצער יוד זאל נישט קענען אויסווייזען גענוי וואו ער איז געווען אין דער צייט, ווען דער מארד איז געשעהען, ער זאל אבזיצען גאנצע חדשים אין תפיסה. די געריכטס־דיענער, וואס האבען נישט געפאלגט די באנדע, וואס האבען געזוכט דעם אמת, האט מען אין די אנטיסעמיטישע בלעטער בעשמוצט, און פער־קלאגט, אז זיי זענען איבערגעקויפט, אז זיי זענען יודישע־משרתים...

און אין בערלינער געריכט האט דער אמת מנצח געווען: צוויי בעקלאגטע אנטיסע־מיטען, די רעדעל־פיהרער פון דער קאניצער באנדע, זענען בעשטראפט געווארען מיט גע־פענגניש; דער פסק פון בערלינער „בית־דין־צדק" זאגט בפירוש ארויס, אז דער בלבול איז א בלבול געווען, נאר א קליין ווערמיל שטעקט אין שנעם עפּיל.

א פראקוראר האט עדות געזאגט, אז רעליגיעזער־מארד איז אין דייטשלאנד אונמעגליך: די דייטשע יודען זענען צו געבילדעט, האלטען נישט פון יודישען אבערגלוי־בען!...

---

א חמארע האט אויסגערעגענט, א צווייטע קימט אן. אין בלבול דם איז איזעק: עס איז שוין שיער נישט געווען א צווייטעס!

געשעהען איז עס אין מצרים. טען האט איינגעזעצט א געוויסען חיים כהן, א יונגען מאן פון ירושלים, דערפאר, וואס ער האט געוואלט ארויסנארען א זיבעניעהריג מיידיל און שחט׳ען זי אויף פסח... דאס זיבען־יעהריגע מיידעלע איז געלעגען קראנק אויפ׳ן האלז, און חיים כהן (אזוי זאגט דער אקט) האט געוואלט זי איבערקייפען מיט זיסע זאכען און ארויסנארען פון שטיב אכט חדשים פאר פסח, איבערהאלטען זי די גאנצע צייט, דער־נאך קוילען כּרת משה וישראל און בענוצען דאס בלוט צו די מצות...

א שכנה האט אין הער צווייטער שטוב געהערט חיים כה׳ס רייד, נאר אז זי איז אריינגעלאפען צום מיידיל, איז שוין חיים כהן אין שטוב נישט געווען! דעם טהויער־היי־טערס ווייב האט געזעהן, אז חיים כהן האט, ארויסגעהענדיג פון הויז, געהאט אין דער האנד א קעסטיל, אין וועלכען מען האלט געוועהנליך זיסע זאכען! דאס מיידיל אליין האט פריהער געזאגט, אז נישט חיים כהן איז עס געווען, נאר דערנאך האט זי געזאגט, אז יא!

אויף דעם עדות־זאגען איז חיים כהן פערמשפט געווארען אויף א יאהר געפענגניס מיט שווערער ארבייט...

נאר שרעקט אייך נישט! עס איז קיין רעכטער בלבול דם נישט געווארען... א פראקוראר אין מצרים איז אמאל קלינער ווי זיינע גלייבען אין דייטשלאנד. ער האט

גנעזאנט, אז ער בעשולדיגט נישט חיים כהן, אז ער האט געוואלט האפען א קריסטליך מיידיל און שהט'ען לכבוד פסח אויף בשר'ע מצות... עס וואלט געווען צו נאריש! יודען דארפען קיין בלוט צו מצות נישט! אבער א קריסטליך מיידיל, ווען אפילו א זיבען־יעה־ריגעס, קומט צו ניץ. מען קען זי פערקויפען אין א שאנד־הויז אריין, צו'ן א קינצען־מאבער ובדומה...

דאס זאגט דער פראקוראר און — דאס פאלק?

דער פראקיראר וועט שוין קיין שטיינער אין א יודיש פענסטער אריין נישט ווארפען, אבער די רומענער, די גריבען און די קאפטען אין מצרים — זיי קענען עס גאנץ לייכט טהון! חיים כהן איז דאך דערווייל פערמשפט!

---

דער אמעריקאנישער פראטעסט געגען רומעניען איז שוין כמעט פערגעסען געוואָרען.

רומעניען האט פערשטאנען אין וואס עס געהט און איהרע אמבאסאדארען אין לאנדאן און ניו־יארק האבען צו וויסען געטהון, אז די רומענישע רעגירונג איז נישט אומשטאנד איינצוהאלטען די יודישע עמיגראציע. און אין דעם איז עס, ווי עס זעהט אויס, ווירקליך געגאנגען. מיר ווילען נישט דערמיט ארויסטרעטען אונדאנקבאר געגען אמעריקא, וואס האט פראטעסטירט און ניטט געגען ענגלאנד, וואס האט דעם פראטעסט אונטערגעהאלטען. ענגלאנד און אמעריקא קענען נישט צופרידען זיין פון א מהומה'דיגער עמיגראציע פון איין ארימסטער קלאס מענשען, און צווי וועגען האבען זיי געהאט זיך דערפון צו פערהיטען. איינעס א' זיכערען: צו פערמאכען די גרעניץ פאר פרעמדע יודען און א צווייטען: צו פריווען פראטעסטירען, צו פעררופען זיך אויף מענשליכקייט, אויף יושר, פריווען איינוועקען ביי רומעניען, צו אזוי ביי אייראפא, א פינק רחמנות... געוועהלט האבען די ביידע פעלקער דעם נישט זיכערן, נאר דעם מענשליכען וועג! און — ער האט דערווייל צום צוועק נישט געפיהרט.

פון רומעניען קומען אלץ נייע ידיעות, אז מען ריכט זיך אויף בעסערע צייטען פאר יודען; אז מען רעכענט עפיס פאר יודען צו טהון; אז עס איז מעגליך, אז מען וועט זיך נעהמען צום הארץ — — אלע ווייסען, אז דאס זענען שקרים, פאלשע שמועות, וואס רומעניען פערשפרייט צו פערבלענדען די אויגען, צו פערקלענערן די געפאהר, טאמיר רופט זיך נאך עמיץ אן, און וואס שארט עס, מען רעדט? אלע ווייסען עס און אלע שווייגען, אויסער דייטשלאנד! דייטשלאנד האט נישט געשוויגען, דער אפיציעלער „רייכס־אנציינער" האט גערעדט! ער האט גערעדט צוליעב דעם קעניג קארל, דער דייטש, וואס רעגירט אין רומעניען, פאר זיין כבוד וועגען! און צוליעב די דייטשע קאפיטאליסטען, וואס האבען די רומענישע רעכטע אין דער האנד, פאר זייערע קיפאנעס וועגען! זאל אייראפא נישט מיינען, אז קעניג קארל איז א בארבאר, זאל אייראפא נישט האלטען דעם רומענישען קרעדיט פאר פערלוירען — צוליעב דעם איז דער „רייכס־אנציינער" ארויס מיט א ברענענדיגען ארטיקעל געגען — רומענישע יודען, די אומויסטיגע פרעסער, שינדער וואס עקספלאטירען דאס אומשולדיגע לאנד. וואס פרעסען עס אויף לעבענדיגערהייט...

נעגען אַזא הויכען און טיעפען אַנטיסעמיטיזם, ווען דאָס בערלינער געריכט שוין נאָרנישט האָבען!

— די פּראָווינציעלע פּאַרטיי וועט דאָך פרעגען דעריבער אין פּאַרלאַמענט?

— וועט זיין נאָך אַביסיל דְבָרִים בְּטֵלִים!

---

אין ווין איז צווישען די עסטרייכישע ציוניסטען און דער יודישער פּאָלקס־פּאַרטיי געקומען צו'ן א פְּשָׁרָה. דעם 23 אָקטאָבער (נייעם סטיל) איז געווען א אסיפה פון די פאָרשטעהער פוןביידע פּאַרטייען און זיי האָבען אונטערגעשריבען א פּראָטאָקאָל, לויט וועלכען ביידע פּאַרטייען נעהמען אָן — פון איין זייט דאס פּראָגראַם פון דער יודישער פּאָלקס פּאַרטיי — דאָס געגענוואַרטס פּראָגראַם צו הויבען דאָס יודישע פּאָלק גייסטיג, ווירטשאַפטליך און קערפּערליך — און פון דער צווייטער זייט דאָס ציוניסטישע פּראָגראַם, וואָס דער באַזעלער קאָנגרעס האָט אויפגעשטעלט צו שאַפען איין עפענטליך־רעכטליך־געזיכערטע היים פאַר'ן יודישען פּאָלק אין יודישען לאַנד.

ביידע פּאַרטייען זענען זיך מתחייב איינע די צווייטע צו שטיצען, איינע דער צווייטער צו העלפען און צוזאַמען צו פעכטען פאַר'ן יודישען פּאָלק.

---

פאַר'ן יודישען פּאָלק! נישט אַלע דאָך זענען זיכער, אַז עס איז פאַרהאַן א יודיש פּאָלק! נישט אַלע אינטעליגענטען, מיין איך! און פון וואַנען זאָלען זיי עס וויסען? מענשען, וואָס זענען פון פרעמדע פרעמד־אַרטיגע אויפערציהונג, קוקען נור פרעמדע אין מויל אַריין! אפילו נאַציאָנאַליסטען־ציוניסטען פרעגען עצות, צי מען מעג? נישט נור ביי רבנים נאָר וואו אויך א שריפטשטעלער, וואו א פערער־האַלטער, בפרט וואו א פּאָליטיקער! און נישט איין שוואַך־קאָפּ קען משוגע ווערען, הערענדיג אַלערליי תשובות פון אַלערליי גרויסע לייט... איינער זאָגט: יאָ, א צווייטער: ניין, א דריטער וויל זיך ערשט מישב זיין; פון יודישען פּאָלק האָט ער אפילו עפּיס געהערט, נאָר וואס און ווען געדענקט ער נישט...

און אונזערע שוואַך־קעפּ (דער זעצער זאָל זיך נור נישט טועה זיין אויף שאַפס־קעפּ) וואַרטען אומגעדולדיג און מיט האַרץ־ציטערניש אויף א נייעם פּסק, וואָס זאָל אַרויס־געגעבען ווערען אין ווענעציען פון דער סטודענטען געזעלשאַפט „קאָררא־פּראַטער" דאָס הייסט: „האַרציגע פריינד". די סטודענטען געזעלשאַפט האָט זיך פאַרבונדען צום צוועק א גוט לעבען צו מאַכען צווישען אַלערליי פעלקער. מיטגליעדער, לויט מען שרייבט, האָט די איבער צוואַנציג טויזענד. יעדעס יאָהר ווערט געמאַכט איין אַלגעמיינע אסיפה, די מיטגליעדער פון פערשיעדענע פעלקער פון דער גאַנצער געבילדעטער וועלט זאָלען זיך בעקענען און רעכט ליעב קריגען. איינינע יודישע סטודענטען אויס רומעניען האָבען געוואָלט איינטרעטען אין די געזעלשאַפט, נאָר די רומענישע אַבטהיילונג האָט זיי אָבגעזאָגט, און דערצו א טעם געגעבען: אז די, וואָס האָבען אין רומעניען קיין ציוויל־רעכט נישט, קענען נישט גילטען אלס רומענישע סטודענטען, און קענען נישט אויפגענומען ווערען פון דער רומענישער אַבטהיילונג. די רומעניש־יודישע סטודענטען האָבען זיך געווענדעט צום קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט, און דער קאָמיטעט האָט נעגרינדעט, צו ליעב די רומעניש־יודישע

סטודענטען, א בעזונדערע אבטהיילונג, א „ספעציאל־אבטהיילונג" פאר די, וואס געניעסען נישט פון בירגער־רעכט אין ערגיץ א לאנד, דאס הייסט — פאר יודען! איינע יודישע סטודענטען זענען אבער דערויף נישט בעשטאנען; זיי ווילען זיך נישט בעפרידיגען מיט אומשולדיגען נאמען „סעקציאן־ספעציאל" און האבען פערלאנגט אין אפענע אבטהיילונג פאר יודען, פאר סטודענטען פון יודישער נאציאן! דער קאמיטעט האט נישט געוואוסט, וואס מען טהוט מיט דער וואונדערליכער פראגע, ער האט אבגעלעגט די אלגעמיינע פערזאמלונג, און פריהער צוזאמענגערופען א קליינע אסיפה. אבצוקלערען ווי אזוי מען זאל זיך נוהג זיין... די קליינע אסיפה איז צו שטאנד געקומען... מען האט פיעל גערעדט. טהייל רעדנער האבען פערלאנגט, מען זאל מיט כח ארייגשטופען די יודען אין די אבטהיילונגען פון זייערע לענדער! אנדערע האבען בעשטאנען אויף איין בעזונדערע יודישע אבטהיילונג, און ערשט די אלגעמיינע געזעלשאפט, וועט פסקנ'ען: יא אדער ניין!

שוואך־קעפ, זייט געדולדיג און ווארט!

---

איינער וואס האט שטענדיג מלחמה געהאלטען געגען אזוינע שוואך קעפ, וואס קוקען אלץ פרעמדע אין מייל אריין, איז געוועזען ראובן אשר ברוידעס. נאך א שווערער קראנקהייט איז ער איצט געשטארבען אין וויען. ראובן אשר ברוידעס האט פיעל געשריבען, ער האט איבערגעלאזען דער יודישער ליטעראטור צוויי גרויסע ראמאנען: הדת והחיים, שתי הקצוות, קליינע ערצעהלונגען און פיעל מאמרים אין העבּרעאישע און זשארגאנישע צייטונגען. די פיעל צייטונגען, וועלכע ער האט אליין ארויסגעגעבען, האבען נית געהאט קיין לאנגע יאהרען; די גרויסע ווערק זיינע זענען געבליבען ניט געענדיגט, אבער דאך וועלען זיינע ארבייטען ניט פערגעסען ווערען. זיין ראמאן „הדת והחיים" האט געהאט א גרויסע ווירקונג און פערנעמט נאך אויך איצט א שיינעם ארט אין דער נייער העברעאישער ליטעראטור.

י. ל. צופעליג.

# געדאנקען און אַפּאָריזמען.

אפשר איז גאָר נישט אין גאַנצען אמת און דאָס אַליין אויך נישט...

*

צוויי שטיוועל פון איין פּוס זענען נאָך גישט קיין פּאָר שטיוויל; צוויי האַלבע אמת'ן — קיין גאַנצער אמת.

*

ווער עס זאָגט צוועלף מאָל: „איך וועל!" און בלייבט נישט עלף מאָל קיין ליגנער, דער האָט צו שאַפען!

*

אַ הויפען פון אַלערליי בוי-מאַטעריאל איז נאָך נישט קיין געביידע; אַ מיליאָן מענשען צוזאַמען זענען נאָך נישט קיין געזעלשאַפט.

*

ווען נישט דער פערשלאָפענער פּאָליציימאַן אין עק גאַס, וואָלטען מאַסען אויסגעוואַקסענע געוויסען אייגגעשרימפען געוואָרען צו טויטע פּליגען...

*

שפּריכוואָרטער זענען דער תמצית, דער עקסטראַקט פון פאָלקס וויסען; מאַנכע גרויסע און דיקע ביכער — פערוואַסערטע שפּריכוואָרטער.

*

אַ פּאָטער זאָגט: זעה, מיין זוהן, ווי גוט און קלוג די וועלט איז איינגעריכטעט; די יונגע פֿייגעליך וואָלטען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער, ווען נישט וואָס זיי פּיקען זיך אויס פון די אייער ערשט דעמאָלט, ווען זיי האָבען שוין אָנגעגרייט זייער שפּייז, ווען עס בעווייזען זיך די פליגעליך מיט די ווערעמליך, וואָס זיי עסען.

דעמאָלט ערשט קריכען זיי אַרויס, ערנעהרען זיך, וואַקסען, און הויבען אָן צו זינגען —

— און די ווערעמליך — פרעגט דער זוהן — זינגען מיט?

*

„האָב ליעב און פאָלג טאַטע-מאַמע".

דאָס געזעץ האָבען אויסגעטראַכט עלטערן, וואָס זענען נישט קליגער פאַר זייערע קינדער און האָבען זיי נישט, וואָס צו לערנען, און זענען נאָך דערצו צו פויל צו פערדיענען זייער ליעבשאַפט.

*

טהייל זאָגען בעמערקען מיר נישט נור דעריבער, ווייל זיי זענען פאַר אונז צו גרויס.

*

וואס פאר א גמרא האבען געלערנט די תנאים ואמוראים ?

*

דער רעיון, וואס איז צום פערשטעהן אויף ארט און שטעל, איז זעלטען ווערט, מען זאל איהם פערשטעהן.

*

ווער עס האט גענוג צייט אויסצולעגען זייגע אידעען ווי אויף א טעלער, דער קען עסען נישט שרייבען.

*

א לעזער, וואס האט קיין געדולד נישט, איבערצוטראכטען וועגען דעם, וואס ער לעזט, דארף נישט לעזען.

*

עס זענען פאראן זעהר ווייניג ביכער, פון וועלכע מען וואלט זיך נישט געקאנט אויס־לערנען, ווי אזוי מען דארף נ י ש ט שרייבען !

*

דאס לעבען שלאגט זיך אב אין א זינדיגער נשמה, ווי אלעס אין א פערפלעקטען שפיגעל.

*

א מענש דארף זיין — א מענש !
(און דוקא ביי זיך, נישט ביי יענעם).

*

א זיבערער פאנצער געגען קוילען איז נאך נישט ערפונדען ; געגען דער שארפסטער קריטיק — שוין לאנג : די דומהייט.

*

שטעל דיך א ז ו י ה ו י ך, אז אלע מענשען זאלען דיר אויסזעהן ג ל י י ך.

*

גרויסע שרייבער מאכען שולען ; ליידער מאכען די שולען נישט קיין גרויסע שרייבער.

*

עס האט זיך נאך קיינער נישט בעקלאגט, אז עס פעהלט איהם קאפ אדער הארץ...

(נאך מולטאטולי).

ואלה הם הצוירים והתמונות הנמצאים בלוה :

## ואלה הם **הציורים והתמונות** הנמצאים בלוח :

א) גיאורג בראנדעס ; ב) יוסף איזראעלס ; ג) מ. אנטוקולסקי ; ד) דר. יצחק רילף ; ה) נחום סאקאלאוו ; ו) אדאלף לנדוי ; ז) דוד מנגן לפני שאול, ציור, מאת איזראעלס ; ח) הזקנה והילדות, ציור מיוחד בשביל הלוח, מאת איזראעלס ; ח) שפינוזא, מלאכת ידי אנטוקולסקי ; ט) מפיסטופלס (השטן) מלאכת ידי אנטוקולסקי ; י) **תמונת הכנסיה הציונית במינסק (כל צירי האספה) ;** יא) תמונת חברי ועד־הכנסיה במינסק.

הלוח נדפס בשנה זו על ניר מובחר וביופי והדר.

הלוח מחזיק יותר מן 42 גליונות ברפוס (674 עמודים).

---

מחירו 1 רובל 50 קאפ׳, ועם פארטא 1 רובל 85 ק׳, מכורך הדר 1,90 רוב׳, ועם פארטא 2,25 רובל.

---

**בעוד זמן קצר יעלה מחיר הלוח לשני רובל לבד פארטא.**

הננו מעוררים את קוני הלוח התמידים, את המו״ס והסוכנים לשלוח אלינו פקודותיהם במוקדם האפשרי למען לא יאחרו מן המועד.

Издательство „АХІАСАФЪ“, Варшава.

VERLAG „ACHIASAF“ WARSCHAU.

# ספרי למוד ומקרא לבני הנעורים

## שיצאו לאור ע״י חברת „אחיאסף״.

**א) דברי הימים לבני ישראל,** מאת מ. ברוינשטיין. (מבש״ן).

**חלק ראשון: מימים קדמונים ועד חרבן ביתר.** עם ספר־מלים הכולל כל המלים הנמצאות בספר הזה ותרגומן לש׳ רוסיא.

**חלק שני: מן חרבן ביתר ועד דור הרמב״ם.**

הספר כתוב בסגנון נעים ובשפה קלה ועשירה ע״פ מסקנות חוקרי התולדה בזמן האחרון. כמורה מובהק בבתי הספר ברומניה בחן המחבר את ספרו זה הלכה למעשה וישכיל להתאימו לרוח הילדים. להדריכם ברוח אמונה והשכלה ולחבב עליהם את תורת ישראל וחכמתו. נדפס באותיות גדולות ומנוקדות ובתכלית היופי.

מחיר כל חלק 1 רו״כ ועם פארטא 1.12 רו״כ, מכורך יפה 1.30 רו״כ ועם פארטא 1.42 רו״כ.

☛ **החלק השלישי, מאחרית האלף החמישי עד ימי דור האחרון,** נמצא בדפוס,

---

**ב) זכרונות לבית דוד,** מאת א. ש. פריעדבערג.

ספורים היסטוריים המקיפים את תולדות ימי הדורות מן הרבן הבית הראשון עד תקופת הרמבמ״ן, ומצטיינים בסגנונם הנעים, שפתם הצחים וסגולתם לעורר אהבה וכבוד בלב בני הנעורים לעמנו ולשפתנו.

מחיר „**זכרונות לבית דוד**״ חלק ראשון 1.54 וע״פ 1.72, חלק שני 1.40 וע״פ 1.56, חלק שלישי 1.73 וע״פ 1.91, חלק רביעי 1.40 וע״פ 1.56.

עבור כריכה מהודרה יש להוסיף 30 קאפ׳.

---

**ג) האביב,** אסף מאמרים, שירים וספורים מאת טובי הסופרים נערך ע״י י. ה. ראבניצקי.

מחירו 60 קאפ׳ עם פארטא 70 קאפ׳, מכורך 75 קאפ׳ וע״פ 85 קאפ׳.

---

**ד) שירת הזמיר,** מאת בקי בן־יגלי (דר. קאצענעלסאהן). ספור יפה אף נעים.

מחירו 25 קאפ׳ ועם פארטא 30 קאפ׳.

---

בבתי מסחר הספרים

**אשר לחברת „אחיאסף״ בווארשא,**

א) רחוב טווארדא 6, ב) נאלעווקי, באזאר איוואנאיו

נמצאו למכר

**ספרי חנוך ולמוד** בשפות שונות ולמקחים נמוכים.

בתי ספר ותלמוד תורה הקונים במספר רב יקבלו הנחה הגונה!.

אדריסא למכתבים ולמשלוח כסף:

*Изд. Ахіасафъ, Варшава. — Verlag Achiasaf, Warschau.*

„DIE JÜDISCHE FAMILIE“ — Monatschrift.
Verlag „Achiasaf“. – Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.
Druck von Josef Fischer in Krakau.